# דער יוד

# (DER JUDE)

צייטשריפט

## פיר אלע יודישע אינטערעסען.

ערשיינט 2 מאל מאנאטליך.

פערלאג: חברה „אחיאסף“. רעד.: י. ח. ראבניצקי.

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארען —.5 פלארין.
האלביאהריג 2.60 „
פירטעליאהריג 1,35 „
דייטשלאנד 8. 50 מארק.
ארץ ישראל —.10 פראנק.
אנדערע לענדער —.12 „
אמעריקא, ענגלאנד—.10 שילינג.

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט
10 קרייצער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

דער פרייז פיר רוססלאנד:
נור יאהרליך 4 רוביל.
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען מאי — 1 „
דען 1טען סענטיאבער 1 „
יעדער איינציגער נומר קאסט 25 ק״ר אדער 20 קאפ.

ענדערען די אדרעסע קאסט 20 קאפ.

נומער 15. ווין — קראקויא, אלול תרנ״ט — אויגוסט 1899. ערשטער יאהרגאנג.


## אינהאלט:



---


### צו אבאנירען:

אין קראקא:
Administration „DER JUDE“, Krakau, Dietelsgasse 45.

אין ווארשא:
Verlag „Achiasaf“, Warschau, Postkiste Nr 25,
mündlich: Twarda 6, Thür II.

אין וויען:
E. Torczyner, Wien I. Bez. Rudolfsplatz 6.

אין בערלין:
Verlag „Achiasaf“ Berlin, zu Händen Dr. H. Malter,
Charlottenburg, Pestalozzistrasse 29.

„דער יוד“ איז אויך איינגעטראגען אין דער צייטונגספרייזליסטע דער ק. ק. עסטרייכישען פאסט אונטער דער נומער:
1920 a Nachtrag VII.

I. Jahrgang. DER JUDE. Nr. 15.

אבאנאמענטס פרייז יאָהרליך:
אָסטרייך־אונגארען — .5 פלארין,
דאלביאָהריג 2,60 "
פ־מעליאהריג 1,35 "
דייטשלאנד 8,50 מארק,
ארץ ישראל — .10 פראנק,
אנדערע לענדער — .12 "
אמעריקא, ענגלאנד — .10 שילונג.

פרייז פֿון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדע קליינע שורה פעטיט
10 קרייצער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

# דער יוד

צייטשריפט
פיר אלע יודישע אינטערעסען.

רער פרייז פיר רוססלאנד:
נור יאָהרליך 4 רוביל.
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
רען 1טען מאי — 1 "
דען 1טען סענטיאבער — 1 "
יעדע איינציגער נומר קאסט 25 ק"ר אדער 20 קאפ.

ענדערען די אדרעסע קאסט 20 קאפ.

פערלאג: חברה „אחיאסף“. ערשיינט 2 מאָל מאָנאַטליך. רעדאקטער: י. ח. ראבניצקי.

נומר 15. וויען — קראַקויא, אלול תרנ"ט — אויגוסט 1899. ערשטער יאהרגאַנג.

## נאָך דעם דריטען קאָנגרעס.

וואס האָט אונז דער דריטער ציוניסטען־קאָנגרעס געבראכט? — די דאָזיגע שאלה פֿרעגט זיך יעדער יוד, נאָכדעם וואס ער לייענט־איבער מיט גרויס אינטערעס די אויספֿיהרליכע בעריכטע איבער'ן קאָנגרעס. א גרויסער עולם איז זיך צונויפֿגעקומען (העכער 300 מאַן) כּמעט פֿון דער גאַנצער וועלט, פֿון די ווייטעסטע מקומות, מען האָט געהאַלטען וויפֿיעל „פֿאָרקאָנפֿערענצען“, פֿיער טעג האָט מען געהאַט קאָנגערס־זיטצונגען כּסדר צוויי מאל און אַמאָל אויך דריי מאל אַ טאָג. די דעלעגירטע האָבען זעהר ערענסט עוסק געווען אין דער זאַך, אין אונזער פֿאָלקסזאַך, זיי האָבען געאַרבייט אין פֿערשיעדענע קאָמיסיעס, געפֿיהרט הייסע דעבאַטען די גאַנצע צייט, — קורין מען האָט געאַרבייט אָהן רוה, אָוועקגעלעגט כּוחות. וואס־זשע פֿאַרט האָט דער דריטער קאָנגרעס געגעבען פֿאַר דער גאַנצער מיה? וואס פֿאַר אַ נייעס האָט ער אויפֿגעטהון?

וואס פֿאַר גרויסע נוטצען דער ערשטער קאָנגרעס האָט געבראַכט דער יודישער וועלט, איז יעדען זעהר גוט בעוואוסט. דער ערשטער קאָנגרעס האָט געלאָזט דער גאַנצער וועלט הערען ווי לעבעדיג עס קלאַפּט דער דפֿק פֿונ'ם יודישען פֿאָלק; ער האָט בעוויזען פֿאַר דער וועלט אַז דאָס אַלטע יודישע פֿאָלק לעבט נאָך און וויל לעבען און שטרעבט צום לעבען, גלייך ווי אַלע לעבעדיגע פֿעלקער. ער האָט אויך אויפֿגעלעבט דאָס יודישע וועלטיל און צו־געגעבען פֿיעל פֿון אונזערע ברידער מוטה און האָפֿנונג. בעזאָנדערס האָט ער געהאַט אַ שטאַרקען אונגעהייערען ווירקונג, ווי מיט אַ עלעקטרישען טאַק, אויף די נייע ציוניסטען, וואָס זענען געשטאַנען ביז דאַמאַלס גאָר ווייט פֿון זייער פֿאָלק און האָבען נור געקענט (ווי ד"ר הערצעל האָט זיך אויסגעדרוקט אין זיין לעצטער לאָנדאָנער רעדע) „פֿערמוטהען דאָס עס איין יודישעס פֿאָלק נאָך געבע“... מיט איין וואָרט, דער ערשטע קאָנגרעס האָט מיט דער שענסטער שפּראַכע אויסגערופֿען בּקול־רם פֿאַר אייגענע און פֿאַר פֿרעמדע אַז יַעֲקֹב אָבִינוּ לֹא מֵת – דאָס יודישע פֿאָלק לעבט און וועט לעבען!

דער צווייטער קאָנגרעס האָט זיך שוין נישט בעגניגט מיט רעד אַליין און האָט גענומען טראַכטען וועגען עפּיס צו טהון וואָס זאָל פֿיהרען צום צוועק פֿון אויפֿלעבען דאָס פֿאָלק. דער צווייטער קאָנגרעס האָט בעשטעטיגט די יודישע קאָלאָניאַל־באַנק, אויף וועלכער די ציוניסטען האָבען אַרויפֿגעלעגט און לעגען ביז איצט אַרויף די גרעסטע און בעסטע האָפֿנונגען.

וואס האָט אונז געגעבען דער דריטער קאָנגרעס?

אמת, יעדער קאָנגרעס אַליין פֿאַר זיך האָט שוין אַ געוויסען ווערטה: יודען קומען זיך צונויף פֿון אַלע עקען וועלט און האָבען זיך זייער בּימה, זייער אייגענע טריבונע אויסצורעדען זיך וואָס אויפֿ'ן האַרצען. נאָר דאָס אַליין איז נאָך קאַרג, יודען קוקען אַזוי אַרויס אויפֿ'ן קאָנגרעס און פֿערלאַנגען וויכטיגע רעזולטאַטען.

איבער דריי הויפּט־פּונקטען איז געשמועסט און דעבאַטירט געוואָרען אויפֿ'ן לעצטען קאָנגרעס, איבער באַנק, קאָלאָניזאַציע און קולטורא. לאָמיר זעהן צו וואָס פֿאַר רעזולטאַטען מען איז געקומען איבער יעדען בעזונדער פֿון די אַלע דריי פּונקטען.

I.

אויפֿ'ן ערשטען פּלאַן, פֿערשטעהט זיך איז געשטאַנען די באַנק.

כּמעט אַ גאַנץ יאָהר, נאָך פֿאַר'ן צווייטען קאָנגרעס און בעזאָנדערס נאָך איהם, האָבען די טעהטיגע ציוניסטען אין אַלע מקומות וואו זיי געפֿונען זיך, איינגעשטרענגט זייער גאַנצע ענערגיע און אַוועקגעלעגט זייערע בעסטע קרעפֿטען אויף אַגיטירען צווישען פֿאָלק פֿאַר דער יודישער באַנק און זאַמלען אַקציען; מען האָט געהאַלטען הייסע רעדעס אין פֿערזאַמלונגען, פֿייערדיגע דְרָשׁוֹת אין די שולען, אַלין איבער דער באַנק און אַקציען, אַזוי אַז אַ זייטיגער מענש וואָס שטעהט פֿון דרויסען וואָלט געקענט מיינען אַז דער גאַנצער ציוניזם, דאָס גאַנצע יודישקייט, בעשטעהט מעהר נישט ווי פֿון גראָבען חוֹמֶר, פֿון הוילע אַקציען, פֿון אַ שֶׁקֶל און „אַ רובל אויפֿגאַבע“... די וואָס שטעהען אָבער נאָענט צו דער זאַך האָבען אַלע פֿערשטאַנען אַז די באַנק איז נישט אַ ציעל פֿאַר זיך, נישט דאָס איז די כַּוָּנָה אַז די יודישע באַנק זאָל מאַכען טייערע געשעפֿטען און די יודישע אַקציאָנערען זאָלען בעקומען גוטע דיווידענדען (רְוָחִים); נאָר זי איז מעהר נישט ווי אַ מיטעל וואָס פֿיהרט צום ציעל, די „פּאַפּיערענע בריק“ וואָס איבער איהר דאַרף מען איבערגעהן כּדי מיר זאָלען קענען קומען צו אונזער לאַנד... נאָר די הייסע „פּאָליטישע“ ציוניסטען האָבען געהאָפֿט אַז די באַנק וועט זיין דער גאָלדענע שליסעל צו עפֿנען מיט אַמאָל אַלע טהיר און טויערען און קומען גלייך צום ווייטסטען צוועק, און די מעהר „געלאַסענע“ ציוניסטען האָבען געהאָפֿט אַז דורך דער באַנק וועט מען קענען בעקומען דאָס רעכט אויף אַנצוהייבען מיט דער גרויסער מאָס, אָפֿען און פֿריי, צו קאָלאָנאַזירען דאָס לאַנד פֿון אונזערע עלטערן און אַזוי געהן רעגעלמעסיג טריט ביי טריט צו אונזער הויכען צוועק. הַכְּלָל אַלע האָבען געהאָפֿט און געאַרבייט. און אַרבייטען האָט מען געדאַרפֿט זעהר געשמאַק, מיט גרויס מיה, ווייל אונזערע „זאַטע“, די „יודישע גְבִירִים“ זענען ווי דער שטייגער איז, געשטאַנען פֿון ווייטען און האָבען בּשׁוּם אוֹפֶן קיין חֵשֶׁק געהאַט צו נעהמען אַ חֵלֶק אין דער יודישער באַנק, וואָס וויל נישט צו־זאָגען קיין גרויסע דיווידענדען, אַזוי אַז מעהרסטענטהייל אַקציען האָט גענומען דער עטוואָס בעמיטטעלטער און גאָר אָרומער קלאַס וואָס טהוט תָּמִיד איבער די כּוחות. און אויף אַזאַ אוֹפֶן האָט מען צוטהיילט ביז 300,000 אַקציען. וויפֿיעל מיה, וויפֿיעל כּוחות האָט עס געדאַרפֿט קאָסטען!

אין וואָס פֿאַר אַ אָרט וועט אַרבייטען די יודישע קאָלאָניאַל־באַנק וואָס ווערד געגרונדעט אין לאָנדאָן? דאָס האָט גאָר קיין שאלה נישט

געקענט זיין, פערשטעהט זיך אין ארץ־ישראל, קיינעם האט גאר נישט געקענט קומען אויפ'ן זינען קיין אנדער געדאנק, און אין דער גאנצער צייט האט מען אלין גערעדט נור פון ציון. אין נאמען פון ציון האבען די „פערקויפער“ פערקויפט די אקציעס, אין נאמען פון ציון האבען די „קויפער“ געקויפט די אקציעס. און אז אויפ'ן צווייטען קאנגרעס האט מען פארגעלעגט איינצושרייבען אין תקנות פון דער קאלאניאל־באנק אז זי, די באנק, וועט האבען צו טהון אין אריענט (מזרח־לאנד) בכלל, איז געווען א שרעקליכער רעש און פיעל דעלעגירטע האבען געפאדערט מיט גרויס התלהבות נישט אנדעריש נור ארויסצושטעלען בפירוש סוריא און פאלעסטינא. ד"ר מארמארעק האט אפילו געפריווט דאמאלס בערוהיגען דעם עולם אז ס'איז אין גאנצען נור „איינע ריינע ווארטשפילעריי“, דען אויפ'ן ציוניסטען־קאנגרעס איז דא נור איין אריענט: פאלעסטינא און סוריא; עס האט אבער גאר נישט געהאלפען און ס'איז געבליבען אז נאך די ווערטער „אין אריענט“ מוז מען בפירוש ארויסשטעלען „בעזאנדערס אין סוריא און פאלעסטינא“.

היינט ווי גרויס איז געווען דער וואונדער אז אין עטליכע מאנאט נאכ'ן צווייטען קאנגרעס איז למזל צושיקט געווארען אויף דער וועלט די לאנג ערווארטעטע תקנות (סטאטוטען) פון דער שוין געגרינדעטער באנק און דארט צווישען די צוועקען פון דער באנק לייענט מען באלד צום אנהייב דעם ערשטען פונקט: צו „פעדערן, צו ענטוויקלען, צו בעטרייבען און צו פיהרען אינדוסטריען, אונטערנעהמונגען און קאלאניזאציאנס־ארבייטען אין פאלעסטינא, סוריען, אדער ווען עס איז געלעגען נאך דער מיינונג פון אויפזיכטסראטה אים אינטערעסע דעם יודישען פאלקעס, אויף יעדע וויזע אין אירגענדאיינעם אנדערען טהייל דער וועלט און אין אירגענדאיינעם ארט אדער אין אירגענדאיינעם לאנד“, און אזוי ווייטער אין לאנגען צעטעל פון די אונגעהייער ברייטע צוועקען, ווען עס ווערד גערעדט פון „איינוואנדערונג“ אדער פון „מינען־לאנד־אגריקולטור אדער אנדערע בעזיצונגען“ א. ד. ג. געפונט זיך אלין די זעלבע הוספה „אין אירגענדאיינעם אנדערען טהיילע דער וועלט“. אויף אזא אופן קומט אויס אז — „עתידה ארץ־ישראל שתתפשט בכל הארצות“, אז די ציוניסטישע באנק, נישט קוקענדיג אויף די „געאייסערטע ווינשע“ פונ'ם צווייטען קאנגרעס, מעג ארבייטען אומעדום אין אלע לענדער, אויף דער גאנצער וועלט. — וואס הייסט עס, האבען געטענה'ט די אמת'ע ציוניסטען, וואס זענען מיר, ציוניסטען אהן ציון? וואס איז דער קאנגרעס, די „פאלקספערטרעטונג“, נור גלאט א שענע שפיעלצייג? און פיעל האבען ארויסגעזאגט דעם שטארקסטען פראטעסט אקעגען די סטאטוטען. קיין וואונדער נישט אז אויפ'ן דריטען קאנגרעס האבען איינינגע ארויסגעטראטען זעהר שארף אקעגען די נייע תקנות פון דער באנק. דער פארזיצענדער פונ'ם אקט. קאמיט. ד"ר הערצל האט געענטפערט אויף דעם, אז ער אליין איז אויך געווען אקעגען דעם און האט זאגאר טעלעגראפירט קיין לאנדאן אין דער דירעקציאן פון דער באנק מע זאל איבערמאכען די סטאטוטען לויט די רעזולוציע פונ'ם צווייטען קאנגרעס, נאר פון לאנדאן האט ער בעקומען תשובה אז מע קען נישט. פאר וואס קען מען נישט? וועלכע בעזונדערע געזעטצע שטעהען דא אין וועג? דעם סוד האבען די דעלעגירטע נישט געקענט געוואהר ווערן אויפ'ן דריטען קאנגרעס ביז'ן סוף. אמת, נאך דעם ענטפער פון ד"ר הערצל קען נאך אלין די זאכע נישט רעכט זיין אינגאנצען און עס בלייבט נאך אלין א גרויסע קשיא וואס קיין שום תירוץ קען אויף דעם נישט זיין: ווי באלד עס האט זיך אויסגעוויזען אז די וויכטיגסטע רעזולוציע פון צווייטען קאנגרעס קען, צוליעב וואס פאר א סבה ס'איז, נישט אויסגעפיהרט ווערען און מע מוז מאכען אזעלכע ענדרונגען אין די סטאטוטען פון דער באנק, וואלט מען געדארפט אפהאלטען דאס גרינדונג פון דער באנק און ווארטען אויפ'ן דריטען קאנגרעס; אלענפאלס וואלט דער אקט. קאמיט. בעדארפט וועגען דעם בעצייטענס עפענטליך שרייבען און ערקלערען די זאך, כדי דאס פאלק זאל פריהער וויסען און האבען א בעגריף פון דעם וואס האט געבראכט דערצו אזוי איבערצומאכען די סטאטוטען, נישט דער עולם זאל בעקומען דעם אוסטאוו פון דער ציוניסטישער באנק מיט אזא נייעם נוסח אלס אומגערעכטען סורפריז... נאר צי דער אקט. קאמיט. האט געטהון אין דע־
הינזיכט ווי ער האט געדארפט צי ניין — דאס איז אבעזונדערע שאלה; דער דריטער קאנגרעס אבער האט געוויס געטהון דאס וואס ער האט געדארפט און געמוזט טהון: ער האט פעסט געשטעלט אז די סטאטוטען מוזען געענדערט ווערען, אזוי אז די יודישע קאלאניאל־באנק זאל זיין באמת נור א ציוניסטישע, זי זאל זיין איין מאל פאר אלע מאל האבען צו טהון נור מיט ארץ ישראל, נישט מיט קיין אנדער לאנד, נישט מיט קיין אנדער טהייל דער וועלט.

דער דריטער קאנגרעס האט, אמת, דא גאר נישט אויפגעטהון, ער האט זיך נור אומגעקעהרט צו דעם וואס איז שוין לאנג בעשטימט געווארען אויפ'ן צווייטען קאנגרעס, נאר אז מען געפונט דאס וואס איז פערלוירען געגאנגען פרעהט מען זיך אויך, בפרט אז די אבדה איז א וויכטיגע זאך וואס האט אזא גרויסען ווערטה... איצט וועט די זאך שוין נישט דארפען זיך ווענדען נור אינ'ס רצון פונ'ם „אויפזיכטסראטה“, אין די נייע תקנות פון דער באנק וועט זיין בעשטימט בפירוש אז זי ארבייט נור פאר סוריא און פאלעסטינא און נישט אנדערש. און אויב איינער וועט ווייטער קומען מיט א נייעם פלאן צו קאלאניזירען „קיפר“ אדער וואס עס איז פאר א ארט אויסער ארץ־ישראל, וועט דער אקט. קאמיט. שוין נישט דארפען לאזען מע זאל פארלעגען דעם פראיעקט פאר'ן קינפטיגען קאנגרעס; ער וועט קענען און מוזען גלייך ענטפערען: טהון אלעס וואס איז געלעגען „אים אינטערעסע דעם יודישען פאלקעס“, זעהר וואיל, קאלאניזירען יודען אין פערשיעדענע מקומות — געוויס זעהר נוטצליך יודען זאלען וואס מעהר זיך אפגעבען מיט ערדארבייט אומעדום אין אלע לענדער. נאר אזא מין ארבייט געהער נישט צו די ציוניסטען אלס ציוניסטען, געהער נישט צו דער „יודישער קאליניאל־באנק“. די ציוניסטישע באנק האט פאר זיך איין צוועק — די ציוניסטען ווייסען נור פון איין קאלאניזאציאן־פונקט — ארץ־ישראל!

ר.

---

## שלמה רבי חיים'ס

(אין ליטא)

### איין אלטע מעשה.

גערדוקט בהשתדלות

### מענדעלי מוכר־ספרים.

10.

מילא נאטור־שמור איז נאך צו דערליידען. הגם ס'איז דאך א נארישקייט, נישט ווערטה צו פארליערען דארויף א מינוט צייט אפילו, גלאט אזוי זיך אהן אשום נוצען; נאר דאס וואס איז נישט ישען, פאסט נישט פאר א יודען, א בעווייבטען, א טרוד אין דער פרנסה, קען מען עס נאך ווי ס'איז מתיר זיין א יונגעל: מהיכא־תיתי, שפאציר דיר א מאל הינטער דער שטוב — אויף דער נאטור, ווי הייסט עס ביי זיי דארט, וואלגער זיך דיר אויף דער ערד, אופ'ן גראז און קוק דיר אב אט איז א זשוקעל, א משה־רבנו'ס קיהעלע, א פייגעלע, א שמייגעלע! פארט נישט מעהר ווי א נאריש יונגעל, אבער אלסדינג, שייגעץ, מיט א מאס. פארגעס נישט, יונגאטש, אז א יודיש קינד בעדארף לערנען, אז א יונגעלע, דו שנעק איינער, בעדארף אין זינען האבען די גמרא, עפיס איז דאך, שקאץ, א גמרא „ביצה“, „כתובות“ אויך דא אויף דער וועלט!... יא, ווען אזוי, וואלט מען צו שלמה'לען גאר נישט געקענט האבען, מילא איז ער זיך אביסעל... ווייס איך וואס? גאר נישט! די צרה פאקי איז דאך אבער, וואס ער האט נישט געוואוסט קיין מאס, האט זיך אביסעל טאקי פארגעסען, פלעגט פערפאלען ווערען א מאל און פערשפעטיגען אהיים צו מיטאג. דער טאטע האט עס נישט בעמערקט, ווייל שטענדיג איז ער בעשעפטיגט, פלעגט תמיד, חוץ שבת און יום־טוב, עסען בעזונדער נישט אינאיינעם מיט דעם הויזגעזינד. די מאמע ווידער האט געהאט צו טהון מיט דעם בעל־הבתישקייט, פערנומען געווען מיט איהרע זאכען. און אז זי איז אקעגען איהם איינמאל ארויס מיט דער שפראך: וואהין ווערד עס א יונגעלע פארפאלען? דערביי איהם געשראקען, אז זי מוז עס נישט־קשה דערצעהלען דעם טאטען — האט שלמה'לע זיך געמאכט תם. גע־

ענטפערט מיט אַזאַ מינעלע, ווי איינער וואָס איז גאָט די נשמה שולדיג, סטייטש, ער איז דאָך געזעסען די גאַנצע צייט אויבען, הע־הע, אין דער ווייבערשער שול און געלערנט!

אָט דענסטמאָל ערשט, אַז שלמה׳לע איז שוין פערקראָכען אַביסעל ווייטליך, האָט דער שלימזלניק, דער יצר־טוב זיינער, זיך אויסגעשלאָפען איהם גוט אויסשיינעצען — אַזוי און אַזוי קונדם איינער! לא־די וואָס געהסט אַרום שלינג־און־שלאַנג, אָפּגעריסען זיך פון׳ם לערנען, ביסט־דו נאָך צו אַלע צרות אַ ליגנער אויך — נאַרסט אָפּ, וועמען נאָך? איין אייגענע מאַמען! דער גיהנם איז דאָך פאַר דיר קאַרג...

אוי, אַ וועהטיג אַ גרויסער, דעם גיהנם האָט דאָך שלמה׳לע גוט געקענט פון׳ם „שבט מוסר“ און נאָך אַזעלכע ספרים, וואו יענע בעשרייבען די זיבען מיני העלישע פייערען, אין וועלכער עס פּרעגלען זיך, עס קומען אָפּ די אָרמע בעלי־עברות; אויך די משונה ווילדע מלאכי־חבלה מיט די אייזערנע ריטער; בעשריבען איטליכעס פּיצעלע בעזונדער, גלייך ווי זיי וואָלטען דאָרט געוועזען אַליין, אַלסדינג געזעהן מיט אייגענע אויגען! — אוי־וועה, ס׳איז דאָך עפּיס גאָר ניט גוט! וואָס טהוט מען? —

שלמה׳לע טהוט תשובה!... ער דאַווענט, בעט, גיסט אויס זיין האַרץ פאַר גאָט שטילערהייט מיט געפיהל, און זאָגט איהם צו הרים־וגבעות: נעהמען זיך בלי־נדר ווייטער צום לערנען, זיין, אם־ירצה־השם, אַ יוד, טאַקי וואָס אַ יוד הייסט — הוין דעם בית־מדרש נישט אַנצוקוקען די וועלט, פּע־פּע!...

דאָס איז אָבער נאָר געזאָגט. פערפאַלען! איז אין אַ מענש דאָ געשמאַק, געפיהל, בעהיט זאָל מען ווערען, לאָזט זיך עס נישט אַזוי גרינג מיט דער האַנד אַוועקמאַכען. איז איהם געפעלען, מעשה־שטן, די מגושם־שענע וועלט גאָטס, פּשוט אין דער פאָרמע, אין דער געשטאַלט ווי זיי זענען, וועט קיין מוסר־ספר נישט קענען עס איהם פערמיאוסען, מאַכענדיג דערפון אַש, עפר ואפר... עס וועט איהם, לא־עליכם, אַליין וואָס ווייטער מעהר אַריין אין טעם, עס וועט איהם, נישט פאַר יודישע קינדער געדאַכט, עפּיס נאָר ווי אַ מאַגנעט ציהען, ציהען, ציהען... שענע צורות, גוטע זאַכען, דעם זינדיגען מענשען דערמיט צו פערפיהרען, זענען פאַר דעם יצר־הרע אויף דער וועלט דאָ גענוג, איבערגענוג — ווילסט נישט דאָס, נאַ־זשע דיר, נשמה׳ניו יעניק, דאָס כלומר׳שט איז פּע, נאַ־זשע דיר, שלמה׳לע, אַ פראַדיל, אַ שענס, אַ פיינס, מלא־חן!...

פראַדיל, נאָך גאָר אַ קינד, מיט שלמה׳לען אין איינע יאָהרען, שטאַמט פון לייטישע עלטערען, רבי חיים׳ס שטיקליך מחותנים, וואָס האָבען מיט עטליכע יאָהר צוריק זיך בעזעצט אין דעם שטעדטיל ק... פראַדיל פלעגט זעהר אָפט קומען צו רבי חיים׳ן אין הויז, זיך שפּילען מיט די קינדער דאָרט, איז בעליבט געוועזען ביים גאַנצען הויזגעזינד פאַר איהר גוטסקייט, פאַר איהר שענקייט — און שלמה׳לע האָט זיך אויס איהר גאָרנישט געמאַכט, גלייך ווי זי איז גאָר אויף דער וועלט נישטאָ. פראַ־יל — פראַדיל, איינע וואָס האָט געהייסען פראַדיל! מיט אַ מאָל אָבער וואַקסט פאַר איהם אויס פלוצלים, ווי פון דער העלער הויט, אַ פראַדיל, אַ בילד־שענע, גאָר אַנטיק — און עס גיט איהם עפּיס אַ ציה, אַ טיאַכק דאָס הערצעלע, עפּיס לויפט איהם ווי אַ הייסער שטראָם דורך די אַלע גלידער, רויט און בלייך ווערט ער אויף איינמאָל! עס ציהט איהם, עס גלוסט זיך איהם אויף איהר צוקוקען און קוקען, נאָר גוואַלד, רבונו־של־עולם, וואָס טהוט מען מיט דיר? ס׳איז דאָך אַ גרויסע עברה!... ער ראַנגעלט זיך מיט דעם יצר־הרע, ווי אַ יוד, אַ ווילדער עקשן: ניין, מען טאָר נישט, ניין־ניין, וועסט עס ביי מיר נישט פּועל׳ן — און האַפּט לסוף נעביך אַ קליין קוקעלע! שפּעטער אַביסעל — שוין עטליכע, וואָס ווייטער ווערט דאָס ראַנגלען זיך זיינס מיט דעם יצר־הרע שוואַכער, די מורא פאַר גאָט שוין נישט אַזוי גרויס ווי די מורא פאַר לייט— אוי, לאָז האָטש אַ זייטיגער מענש עס נישט בעמערקען חלילה. אין הונדערטען פאַל, טאָמיר שטויסט זיך עמיצער אָן איז איהם ניהא בעגראַבען זיך לעבעדיגערהייט. ער האָט אָנגעהויבען פאַר מורא זיך אַרומצוקוקען ווי אַ גנב. חושד זיין ביי זיך איטליכען אין שטוב טאָמיר האָט דער עפּיס אָנגעשמעקט, טאָמיר ווייסט יענער וואָס אין האַרץ ביי איהם טהוט זיך אַזוינס, גלייך ווי ער וואָלט געוועזען פון גלאָז, דורכזיכטיג, מען זעהט זיינע געדאַנקען, זיינע געפיהלען, אַלסדינג וואָס אינוועניג אין איהם געהט פאָר.

די מורא זיינע איז אָבער געווען אומזיסט. ווען אפילו עס זאָל מעגליך געווען אַריינצוקוקען איהם אין האַרץ, וואָלט מען נאָר געקוקט ווי דער האָהן אין „בני־אדם“, נישט צו־וויסען דעם פּירוש פון זיינע געדאַנקען דאָרט. ליעבעס, דאָס איז נישט פאַר דעם יודישען מוח, דאָס איז פאַר איהם תרגום. ביי יודען איז גאָר אַזוינס נישט דערהערט געוואָרען, בפרט נאָך דענסטמאָל אין יענער צייט, און נאָך וואו? — אין אַזוינע קליינע שטעדטליך ווי ק... און נאָך ביי וועמען? — ביי מענשען פון׳ם בעלי־בתּישען שטאַנד!... פאַלש איז דער חן און נאַריש דאָס שענקייט, זאָגט דער פּסוק, ליעבעס איז אויך נישט קיין אייביג געוועהר. בויען דאַרויף דאָס פאַמיליענלעבען, דאָס אייגענע גליק און דאָס גליק פון קינדער, איז ווי שטעלען אַ בנין אויף אַ הינערייש פיסעל. היינט ביסט דו שען, בליהסט ווי אַ רויז, מאָרגען ביסט־דו פערדאַרט; היינט געה איך אויס נאָך דיר און מאָרגען — נאָך עמיצען אַנדערש, געה דיר צו אַלדע שוואַרין יאָהר!... חתונה האָבען, קינדלעך, דאָס איז ביי יודען אַ גאָטס געבאָט. עהרליך האַלטען אַ ווייב, זי ליעב צוהאָבען, ווייל זי איז אַ ווייב, אַ בעל־הבית׳טע, אַ מאַמע פון קינדער, און זאָרגען זיך פאַר דעם הויזגעזינד — דאָס איז אַ הייליגער חוב, אַ מצוה, וואָס דאַרויף איז זיך אַ יוד מקריב. און אָט דאָס טאַקי האָט צוגעגעבען דעם פאָלק ישראל אַ שטיק געזינד, דאָס אייביגע לעבען; אָט דאָס איז אונזערע עלטערן אַלע מאָל בייגעשטאַנען אין די נויטען. איז שלעכט, ביטער, פינסטער, טרויעריג דאָרט אין דער וועלט, דערפאַר איז גוט, זיס, ליכטיג. פרעהליך ביי זיך אין הויז צווישען אייגענע—לעבין ווייב און קינדער!..

יאָ, אַזאַ זייפענבולבעלע ווי ליעבעס, וואָס פּלאַצט, צושפּרינגט פון אַ בלאָז האָט מען ביי יודען אין יענער צייט נאָך נישט געוואוסט. דאָס איז איין מאָל. היינט צווייטענס ווען אפילו יאָ ליעבעס, ביי מענשען אפילו פון היינטיגער וועלט, וואָלט בשום אופן זיי נישט געקענט איינפאַלען, אַז ביי קליינע קינדער זאָל גאָר געמאָהלט זיין אַזוינס! קינדער זענען קינדער. יונגליך, מיידליך, וואָס מאַכט עס אויס, אָדער זיי שפּילען זיך אינאיינעם מיט צאַצקעס צווישען זיך, אָדער די ניאַנקעס, באָנעס, גובערנאַנטקעס שפּילען זיך, צאַצקען זיך מיט זיי, קושען זיי, האַלזען זיי, און— גאָרנישט, פרעגט זיי בחרם!...

זאָל דאָס אייגענע טאַקי, וואָס ביי שלמה׳לען, זיך געווען מאַכען מיט איינעם, אַ דערוואַקסענעם מענש, וואָלט עס אונמעגליך אין איהם געבליבען פערבאָרגען. עס וואָלט זיך אַרויסגעוויזען איהם אין דעם פּנים, אין דעם ריידען וכדומה נאָך אין אַנדערע זאַכען, עס וואָלט דערפון געוואוסט בפירוש, נישט אַנדערש טאַקי, דער אַנדערער צד אויך. ליעבען ווי געוועהנליך איז אַ שׂרפה, וואָס ווערט אונטערגעהאַלטען פון מאַטעריאַל מגושמ׳דיגע זאַכען. עס ברענט, עס קנאַקט ביז פון׳ם מאַטעריאַל ווערט האַלאַוועשקעס און דאָס פייער לאָזט זיך אויס מיט אַ טשאַד, אַ רויך... שלמה׳לעס ליעבע אָקעגען, דאָס איז אַ ריינע, אינוועניגסטע, אין זיך אַליין; דאָס איז יעניך געטליכס פייעריל, וואָס האָט געברענט און דער דאָרענבוים איז נישט געוואָרען פערברענט; דאָס איז אַ בליין פון גייסט, אַ חשק, אַ גלוסטען צו שיינקייט, וואָס לאָזט זיך דערקענען אין דעם רויט־פאַרבינען הימעל ביים אויפגאַנג פון׳ם מאָרגענשטערען, אין פוקען־זיך פון דער רויז, אין פרישע פורפערליפּען, אין חן־גריבעליך, אין דעם מילדען שמייכעלע און אין דעם וואָרמען בליק פון ברענענדיגע אויגען... דאָס איז יענע ליעבע, וואָס ברענט ווי אַ „נר־תמיד“ אין האַרצען ביי פּאָעטען — פון גאָט געלייטזעליגטע מענשען; וואָס וואָרעמט די נשמה, גיט אַ מאָל אַ נעהם אויסצוגיסען זיך אין געבעט, אויסוויינען זיך פאַר גאָט שטילערהייט...

עס פערשטעהט זיך, אַז שלמה׳לעס ליעבע איז, אַזוי גוט ווי פאַר אַנדערע, אויך פאַר פראַדלין געווען אַ סוד! אַבי ער ווייסט ווי שטאַרק אָנגעלייגט ביי איהם איז, אַז זי קומט צו גאַסט, ווי עס טהוט איהם הנאה, אַז ער האַפּט בגנבה אויף איהר אַ קוק, אַז ער עסט זי מיט די אויגען הינטערוויילעכס, און וואָס, האַ, וועט אַרויסקומען, איהם אָדער איהר, אַז זי וועט עס אויך וויסען? — פאַרט וואָס?... און גאָט אַליין וואָס קען עס

איהם ארען? — טראכט שלמה'לע, טרייסטענדיג זיך אין הארצען — מה רעש, אז עס טהוט זיך א מאל א קוק! אבער מיט איהם, מיט דעם לערנען, מיט דעם דאווגען געהער עס זיך כלל גאר נישט אן. זיינס בעקומט דאך דער רבונו־של־עולם פונקטליך: א שחרית, א מנחה, א מעריב טאגטעגליך צו דער צייט, און א נדבה, זאל נישט אויסגערעדט זיין — עטליכע קאפיטליך תהלים א מאל אויך!...

נאר ווער ווייסט, אפשר אין דעם זכות טאקי איז שלמה'לען בעשיינפערליך געשעהן א נס פון גאט, אז ער איז געשטאנען אין א סכנה איינמאל, אליין דעם סוד זיינעם אויסצוגעבען.

שבת־נחמו, ווי דער וועלט איז בעקאנט, איז א טאג פון שמחות, סעודות ביי יודישע קינדער אין די שטעדטליך. נאך מיט א וואך, אדער א פאר וואכען פריהער שמיסען קינדער, פעקליכווייס, צווישען זיך אפ, צוזאמען יענעם שבת א סעודה דערפון, וואס איטליכער וועט בעצייטענס מיט דעם גוטען ווילען זיינעם ברענגען צו דעם, ביי וועלכען חברה האט אויסגעקליבען. און באלד טאקי הויבט זיך אן איין עסק פון טראגעניש, וואס מען קען נאר, כשר צי בגנבה, ביי זיך אין דער היים דערטאפען. איינער ברענגט א שטיקעל קיכעל, א גרינעם עפעל, א מער — בשתיקה פונ'ם בינטעל וואס צום צימעס; דער אנדערער א גרויסע, געלע אוגערקע, א האלב איי, אפגעשפארט נעביך פון זיין מיטאג; דער דריטער דאס, דער פירטער יענץ. א דאר שטיקעל ברויט, א רעטיכיל, א ציבעלע, א שווענציל פון א הערינג איז אויך סחורה. אזוי טהון דענסטמאל קינדער, קונדסים, און קינדער, בר־מצוה בחורים — האבען חתונה. אט אין אזא שבת־נחמו, ביי־טאג נאך דעם שלאף, איז געווען, אהן עין־הרע, פרעהליך, א רעש א געפילדער פון קינדער, יונגליך און מיידליך, דארט אויפ'ן פרייעם פלאץ לעבין ר' חיים'ס שטוב. ביי א טהייל קינדער איז דאס מויל די ליפען געפארבט, מיט וואנטשעס, פון געקאכטע שווארצע יאגאדעס און האבען א פנים ווי משונה ווילדע בריות, עפיס גאר א שרעק! ווידער ביי א טהייל פייערט א באק, צודראפעט אביסעל די נאז — ציי־כענס פון די גבורות זייערע אין דער מלחמה. עטליכע זענען ביי דער סעודה פריהער נישט צופרידען געווען מיט זייערע חלקים. איטליכער קוקט וואס ביי יענעם און זיינס איז גארנישט — עפיס אזוינס, וואס קיי־שפיי, פויל, ביטער, טפוי זאל עס ווערען! הענד האט דאך גאט געגעבען, נעגעל אויך, נעז, אהן עין־הרע, ביי יודישע קינדער זענען אויך דא, נו האט מען זיך אביסעל, ווי דער שטייגער איז — צודראפעט. טאקי נאר אביסעל, ווייל דער טאג שטעהט נישט, נישטא קיין צייט, מען בעדארף זיך שפילען. אויך פראדיל האט זיך געפונען צווישען די קינדער, זי איז געוועזען וואונדער־שען, עפיס נאך שענער ווי תמיד, און שלמה'לע האט זאט אנקוקען זיך אויף איהר נישט געקענט.

אויף דער לאנגער, נידריגער באנק דארט פאר דער שטוב זיצען ווייבער שכנות, בעקאנטע, צווישען זיי שרה, אויך גיטיל, פראדעלס מאמע, און די גוטע לייבציכע. מען זיצט חלילה נישט ליידיג — מען רעדט, מען רעדט זיך אויס, איטליכע וואס אויף דעם הארץ. איינע א מעוברתע, א דיקע מיט געלע פליאמעס אויף די באקען קלאגט זיך, אז עס שפארט איהר אונטער'ן לעפעלע, א פנים פונ'ם טשאלענט. זי שוויצט, פאכט זיך מיט דעם עק פארטוך, פערווארפענדיג אריבער דעם קאפ, איין ווארט, איין געשריי: אי, וואו נעמט מען א קאלטען טרינק וואסער! ס'איז דא אויך יענע יודענע מיט דער ספאזמע, וואס געניצט גאר א שרעק, שפייט און ווישט מחילה די נאז. איינע אדארע, הויט און ביין, נאך הייזעריג פון די תשעה־באב'דיגע קינות, רעדט מיט דעם גאנצען כח אויף א צוריסענעם־פארדומפען קול, קוים וואס זי האפט דעם אטעם, קייכט, הוסט, ארויסשטעקענדיג נעביך די צונג. א גאנץ לייטישע, שענע יודענע מיט פערזאטענע אויגען אהן ברעמען קוקט ארייין א קינד, וואס ביי איהר אויפ'ן שויס, אין קעפיל, ווייזענדיג עס אויך אנדערע לעבין איהר, אויף א ציקאוועשין, וואס פאר א מיטעל וועלען זיי ראטען... לייבציכע קען, שונא־ציון, זיך נישט צורייסען, אזוי פיל ארבייט האט זי אצינד. א קאטאוועס עפיס מיט אזא עולם ווייבער איבערצורעדען, איטליכער זאג א ווארט, דערצעהל א מעשה, גאר נישט לאנג געטראכט! היינט האט דאך גאט געגעבען אויגען אויך, אז זיי זאלען אומיטום קוקען, נישט אויסצולאזען חלילה קיין ישום זאך, ביי אזוי פיעל ארבייט וועט נאר קיין וואונדער נישט זיין, אז לייבציכע פערפלאנטעט זיך א מאל, מישט אויס, ווי מען זאגט, "קאשע מיט מאהן" עטליכע מעשיות אינאיינעם, אין דער האפנונג אז מען וועט זיך אנישטויסען, נישקשה, און איטליכע וועט פונ'ם אויסמישעניש ארויסנעמען דאס, וואס איז איין אנצוהערעניש אקעגען איהר.

— למען־השם, זיך נישט געקוועטשעט! אז דעם מגיד, געדענק איך, איז דאס צונגעל אראפגעפאלען, האט ער, דער זיידע, איהם געזאגט עליו השלום: שא, האלט זיך, זייט מוחל, איין, קוועטשט זיך נישט אזוי — ריידען... אז עס הויבט אן צושפארען, נישט געפריווט זאל מען ווערען, שפארען אט דא אונטער דעם לעפעלע, איז איין ברירה: עפען א מויל, ברעך־אפ, גיב ארויס וואס דארט אין דיר איז און האלט נישט... אהא, האלט ער זי עס אביסעל! נאכגעיאגט, געחאפט און האלט זי, דאס שען בחור'ל, יא־הא־הא!

אט די דאזיגע לייבציכעס ווערטער זענען געזאגט געווארען אקעגען דער הייזעריגער און דער מעוברת'דיגער יודענע. און האפענדיג דערווייל א קוק אויף די קינדער דארט, וואס שפילען זיך אין זשמורקעס, זעהט זי, ווי שלמה'לע יאגט זיך נור נאך פראדלען, אלין מיט איהר, מיט איהר און לאזט זי פונ'ם אויג נישט אפ.

— אוי, גיטעלע, איך האלט עס נישט אויס! — מאכט לייבציכע, שאקלענדיג מיט'ן קעפעלע פון דערווייטענס צו פראדעלס מאמע — אוי, איז זי שען, אייער פראדעלע, ס'איז איהר אין פנים נישט ארייינצוקוקען ווי אין דער ליכטיגער זון!

— גיט איהר נאר קיין עין־הרע נישט! ענטפערט אפ גיטעל, וואס האלט אין א שמיעס מיט א פאר ווייבער איבער דער דאליע זייערער.

— טפוי־טפוי! — שפייט לייבציכע, פארדרעהענדיג די נאז מיט א ווינק אויף יענער מיט דער ספאזמע — א געניצען אביסעל, א שפייען!... ביים אפשפרעכען א גוט אויג די באבע מיר צו לאנגע יאהר, מיידעלווייס. שען בין איך געווען ווי גאר די וועלט, מען האט זיך אויף מיר געהאנגען. מאכט זיך א מעשה פלוצלים גאר אומגעריכט... שא, שרה'ניו דו ביסט דאך עס מחויב צוגעדענקען — דרעהט זי זיך געשווינד אויס צו שלמה'לעס מאמע — קוק נאר אן דארט, אין מחשבות'ן, דיין בחור'ל! לויפט איהר נאך ווי א קוה א קעלבעל, פראדלען. הא? זעהר א שען פארעל... הלואי אין ניבען, רבונו־של־עולם, זאל יאהנע־סאסיע דיר זאגען מזל־טוב! געדיינק מיינע ווערטער.

— איין איינפאל אביסעל, נאך אזוי יונג!

— ביסט עס, שרה'ניו, מחויב צו געדענקען די מעשה א מאל א מאל בשעת דער בהלה. וויעפיל, הא, מיינסט־דו איז מיר דענסטמאל געווען צו דער חתונה? מיינער איז נישט מעהר געווען ווי א יאהר אכטניין, און אפשר טאקי נאך וויינגער.

— אודאי מיט עטליכע יאהר צוריק, בשעת דער בהלה פון די שקאלעס, נישט היינט גערדאכט, ווען דענסטמאל פראדיל זאל זיך אונטערריקען, הע־הע! וואלט געווען טאקי די רעכטע צייט. מסתמא איז דאך עס נישט בעשעהרט. אצינד איז עט, נארישקייטען...

— יאהנע־סאסיען זענען נאך, ברוך־השם, די אויגען נישט ארויס... אט זעה איך זעה! — די דאזיגע לעצטע פיער ווערטער האט שוין לייבציכע געזאגט דער יודענע מיט די פערזאטענע אויגען, וואס האט איהר אנגעטהון כבוד, גלייך ווי די אלע אנדערע דא, און דאס קינד מיט דעם קעפיל כמעט אונטער דער נאז איהר אונטערגעריקט. לייבציכע האט ווי א גענעטע עס בעטראכט, דארויף פאמעליך געבלאזען, אנגעהויבען צו דערצעהלען מכח דעם א לאנגע מעשה, און פארקראכען ווייט, אזוי אז זי האט דערווייל אין שלמה'לען זיך פערגעסען.

שלמה'לע האט געמעגט בענישען גומל. ווען נישט די מעשה, וואלט ער, הס־ושלום, ווי די בידנע קאין נעביך אמאל, טרוקען פון לייבציכען נישט ארויס!...

---

# בריעף פֿאַן אַרגענטינא.

## א.

### אַנשטאַט אַ הַקְדָמָה.

מיר געדענקען נאָך אַלע זעהר גוט די צייט, ווען עס איז דאָס ערשטע מאָל אַרויס אַ קלאַנג, אַז איינער פֿון אונזערע רייכע פֿעטערס, וואָס בעזיצט אַ גוט האַרץ און איז דערצו אַ בַּעַל־מְטוּפָּל פֿון שענע עטליכע מיליאָנען, האָט געוואָרפֿען אַ אויג אויף עפּיס אַ מדינה וואָס געפֿינט זיך ערגיץ אין מֶרְחַקִים, אויף יענער זייט יַם מיט דעם נאָמען אַרגענטינאַ, וועלכע איז איהם שטאַרק געפֿעלען געוואָרען. און אַזוי ווי ער האָט בְּדֵעָה מיט זיין רייכטהום העלפֿען אַ געוויסען טהייל פֿון זיינע אָרימע פֿעריאַגטע ברידער, זיי זאָלען זיך קענען דערשלאָגען צו עפּיס אַ תַּכְלִית, האָט ער תֵּיכֶּף־וּמִיָּד איינגעלעגט זיין געלד בְּתוֹרַת־נֶדֶן בִּתְנַאי, דאָס די וועלען קריגען דערפֿון אַ חלק וועלכע זענען מרוצה זיך מְשַׁדֵּךְ זיין מיט אַרגענטינאַ.

אין אַזוי האָט אַרגענטינאַ קונה־שם געווען אין אונזער וועלטיל בְּ שָׁ עָ ה אַ חַ ת; די גאַנצע זאַך איז עפּיס צו־געגאַנגען אַזוי פּלוצלים, אונגעריכטער־הייד, גאָר אָהן אַ שום שייכות מיט דעם פֿריערדיגען גאַנג פֿון אונזער געשיכטע, אַזוי ווי עס וואָלט פֿון הימעל אַראָפּגעפֿאַלען. בשעה אחת זענען בעשאַפֿען געוואָרען די מיליאָנען (אַ זאַך וואָס טרעפֿט זעלטען), בשעה אחת איז געוואָרען דער שדוך, עהדער התן־כלה האָבען זיך ג עזעהן, און די ת נ א י ם ווי אַזוי, אויף וועלכע אופנים דער נדן זאָל בענוצט ווערען, זענען אויך געווען אָפּגעמאַכט בשעה אחת, — און אין „אַבעזער שעה", מוזען מיר צוגעבען, אין אַזאַ צייט ווען דער חֵלֶף איז געלעגען אויפֿ׳ן האַלז און מע האָט קיין צייט געהאַט צו קלעהרען.

עס איז קיין חידוש וואָס דער גאַנצער עסק האָט אַנגעמאַכט אַ גרויסען רַעַש אין אונזער פֿינסטער וועלטיל. ווי עס פֿיהרט זיך, האָבען זיך באַלד געפֿונען צווישען אונזערע מדריכים און מנהיגים אַזעלכע וואָס האָבען פֿערלויבט דעם שדוך גאָר לְעֵילָא־וּלְעֵילָא; איינינע האָבען געהאַט אין דעם אַ מ י ן, וואָס דערווייליע וועט אפשר צו ליעב דעם צושלאָגען ווערען אַ אַנדער שדוך, וועלכער האָט עפּעס ביי זיי נײַשט שטאַרק נוֹשֵׂא־חֵן געווען. . .

אַנדערע ווידער האָבען גאָר פּשוט געקריגען גרויס הִתְפַּעֲלוּת, ווייל עס איז אַ נייע זאַך געווען, איז דער שטייגער צו זאָגען גאַנץ הַלֵּל מיט דעם געוויסען נוסח פֿון גוזמאות. די בַּעֲלֵי־הַשְׁבּוֹן האָבען באַלד געמאַכט אַסך־הַכֹּל און אויסגערעכענט פּונקט אויף דער מינוט וויפֿיעל צייט מע וועט דאַרפֿען אויף איבערפֿיהרען די פֿיער מיליאָן רוסישע יודען נאָך אַרגענטינאַ. פֿון דעם אַלעמען האָט זיך די הִתְלַהֲבוּת ביי׳ם עולם געשטאַרקט, מע האָט אַנגעהויבען פֿאָהרען, צו־גרייטען זיך צו׳ם פֿאָהרען, פֿערשרייבען זיך אין די קאָמיטעטען, בעטען מע זאָל פֿערשרייבען, זיכען שְׁתַּדְלָנִים זיי זאָלען בעטען און ז. וו. —

פֿונדעסטוועגען, ווי גרויס די התלהבות איז געווען, האָט פֿאָרט יעדען געקלאַפּט דאָס האַרץ און מע האָט אַרויסגעקוקט מיט גרויס אונגעדולד אויף עפּיס אַ יְדִיעָה פֿון די וואָס האָבען שוין זוכה געווען צו קומען בשלום אַהין אויפֿ׳ן אָרט. און די ערשטע ידיעות, וואָס זענען אָנגעקומען, האָט מען באַלד צעטראָגען אויף טעלערליך, מע האָט זיי געלאָזט דרוקען אין די בלעטער, ניט זוכענדיג פֿון וועלכען מְקוֹר זיי קומען אַרויס; מע האָט זיי געלעזען מיט גרויס כַּוָּנָה, געמאַכט אויף זיי פֵּירוּשִׁים, געזוכט אין זיי סודות און רְמָזִים, ווי דער שטייגער איז.

עס האָט אָבער ניט לאַנג געדויערט און מע האָט זיך אַרומגעזעהען אַז וואָס מעהר מע לייענט מעהר ווייסט מען ניט, וואָס דאָרט טהוט זיך אין דער ווייט פֿערשלאָגענער צווייטער אַמעריקאַ. די ידיעות זענען אַזוי פֿיל סותר איינע די אַנדערע, אַז ס׳איז גאָר אונמעגליך צו געפֿונען צווישען זיי עפּיס אַ צַד־הַשָּׁוֶה, איין פּונקט אין וועלכען זיי זאָלען זיך אויסגלייכען; אין דער צייט ווען איינינע הייבען די זאַך ביז׳ן הימעל, וואַרפֿען זי די אַנדערע אַראָפּ ביז שְׁאוֹל־תַּחְתִּיָה, ניט זשאַלעווענדיג דערביי אַביסעל געדיכטע פֿאַרב אין שטאַרק פֿעפֿערדיגע אויסדריקע. אין יענער צייט בין איך אויך געווען איינער פֿון די וואָס האָבע געבראָכען די קעפּ און געוואָלט וויסען דעם תּוֹךְ, ווי איז די זאַך אין אֱמֶת׳ן; עס האָט אָבער גאָר ניט געהאָלפֿען, מע האָט ניט געקענט קלוג זיין אויף יענע יְדִיעוֹת.

די לעצטע עטליכע יאָהר האָב איך געהאַט די זְכִיָּה צו לעבען דאָ אויפֿ׳ן פּלאַץ און זעהען אַלס מיט די אויגען. אויב די ידיעות וואָס האָבען זיך פֿערברייטערט אין דער צייט האָבען מיט־געהאָלפֿען אַז די זאַך זאָל ווערען קלעהרער, בין איך שטאַרק מסופק; איך ווייס נור אַז דער גאַנצער עִנְיָן האָט שוין איצט גאָר אַ אַנדער פָּנִים, די התפעלות איז שוין איינגאַנצען אַראָפּ, מע פֿאָהרט שוין ניט אַהער נאָר פֿערקעהרט צוריק. די געוועזענע מְהַלְלִים האָבען אַראָפּגעלאָזט די נעז און רעדען גאָר מיט אַן־אַנדער קול. דערפֿאַר אָבער די מְהַלְלִים האָבען זיך צעלאָזט אויף אַלע כלים; זיי שילדערען די לאַגע פֿון די יודישע קאָלאָניסטען אין אַרגענטינאַ אונטער דעם יאָך פֿון זייערע יודישע משגיחים אָדער אַדמיניסטראַטאָרען מיט אַזעלכע דונקעלע פֿאַרבען, אַז די האָר פֿון קאָפּ שטעלען זיך קאַפּויר, עס ווייזט אויס אַז זייער לאַגע איז ניט פֿיעל בעסער ווי די פֿון אונזערע עלטערין ביי פַּרְעֹה׳ן אין מצרים אָדער ביי פֿערדינאַנדען אין שפּאַניען.

אַזעלכע ידיעות האָבען אַרויסגערופֿען גאָר אַ נייע שְׁאֵלַת־אַרגענטינאַ — שוין ניט אויב דורך אַרגענטינאַ וועט ג ע ה א ל פֿ ע ן ווערען דאָס גאַנצע יודענטהום, ווי מע האָט גאָר ניט לאַנג גערעכענט, נאָר ווי אַזוי מע קען העלפֿען די עטליכע טויזענד אַרגענטינער קאָלאָניסטען און ראַטעווען זיי פֿון שקלאַפֿעריי ביי דער נָזְלָנִישער אַדמיניסטראַציאָן? אַזאַ פֿראַגע איז אויפֿגעגעבען געוואָרען בִּפְנֵי כָּל עָם וְעֵדָה אויפֿ׳ן צווייטען ציוניסטען־קאָנגרעס אין באַזעל, ווי איך האָב געלעזען; וואָס פֿאַר אַ תשובה מע האָט דאַרויף געגעבען איז מיר, אמת, ניט בעקאַנט, אָבער דאָס אַליין וואָס אַזאַ שאלה איז ב ע ש א פֿ ע ן געוואָרען און מען איז זיך דערמיט מִתְעַסֵּק איז שוין דַיֵּנוּ; דאָס אַליין גיט אין די הענד פֿון אונזערע שונאים, אויסוועהניגסטע און אינוועהניגסטע, אַ נייעם מיטעל צו שטעכען אונז די אויגען און שיטען אונז זאַלץ אויף די וואונדען. . . .

און די וואונדען ווערען אַלס גרעסער! דאָס איז דאָך אַלעמען בעוואוסט, ווי די שונאים אַזוי די גוטע פֿריינד, אַז ניט נור די קאָלאָניסטען, אויך זייערע אויפֿזעהער, די גרויסע און קליינע מְשָׁרְתִים, וואָס געהען אַריין אין כְּלַל פֿון דער אַדמיניסטראַציאָן, און אויך אפילו די גאָר זייטיגע מענשען וועמעס פּראָפֿעסיאָן איז העצען און שרייבען מוֹרָא׳דיגע בריעף — אַלע צוזאַמען זענען דאָך עַצְמֵנוּ וּבְשָׂרֵנוּ, אונזער לייב און פֿלייש, אַ טהייל פֿון אונזער גאַנצען גוף; און אויף דעם דאָזיגען טהייל איז אויסגעפֿאַלען דער גורל צו דינען אַלס פּראָבע אויב דער גאַנצער קערפּער האָט נאָך אין זיך קרעפֿטען צו נ י י ג ע ב ו י ר ע ן ו ו ע ר ע ן, צו קענען ביי בעסערע אומשטענדען ציהען ווי אַמאָל יניקה פֿון דער ערד, פֿון דער נאַטור; און צום סוף לאָזט זיך גאָר אויס אַז אויף דיעזען קערפּער־טהייל איז אין אַזאַ קורצער צייט אויסגעוואַקסען אַ מַ כָּ ה, צו וועלכער עס גיבט קיין אַנדער מיטעל ווי אָפּערירען, שניידען — אַזוי פֿערלאַנגען די חוֹלְאִים אַליין! נאַטירליך די שונאים דאַרפֿען לאַנג ניט קלעהרען, פֿאַר זיי איז גענוג צו וויסען אַז עס איז דאָ אַ מכה זענען זיי שוין מְלֵא־שמחה און טאַנצען. —

אָבער פֿאַר די גוטע פֿריינד וואָס פֿ י ה ל ע ן דעם וועטיג אין׳ם גאַנצען גוף, וואָס זענען מיט אַ אמת בעזאָרגט צו געפֿינען אַ רפואה צו דער מכה, פֿאַר זיי איז שוין די זאַך פֿיעל ערנסטער; זיי קענען זיך ניט בעגנינגען דערמיט וואָס „בְּמִסְתָּרִים תִּבְכֶּה נַפְשָׁם" — אַ אונגליק איז געשעהן און איצט דאַרף מען שרייען: ראַטעוועט, רַחֲמָנִים־בְּנֵי־רַחֲמָנִים! עס איז נאָך ווינציג זיך צופֿריעדען שטעלען דערמיט וואָס מע קען אַרויפֿוואַרפֿען די שולד אינגאַנצען אויף אַ זייטיגע זאַך... מע־מוז טאַקע גוט בעטראַכטען די קראַנקהייט, וויסען פֿון וואַנען זי האָט זיך גענומען, געפֿינען איהרע באַצילען, די שעדליכע ווערימליך וואָס האָבען זי אַרויסגערופֿען, כדי צו קענען בעוואָרענען, אַז דאָס זעלבע זאָל חלילה ניט טרעפֿען ע ר ג י ץ אַנדעריש אויך, אויף אַ אַנדער טהייל פֿון

אונזער קערפּער; עס קען גאָר זיין אַז דאָס איז אַ נערווען־קראַנקהייט און אויף צו ראַטעווען פֿעהלט מעהר אַ רְפוּאַת־הַנֶפֶש ווי אַ רְפוּאַת הַגוּף. —

דערצו איז נאַטירליך נעטהיג צו זיין דאָ אויפ'ן פּלאַץ אָדער לְכָל־הַפָּחוֹת האָבען ידיעות פֿון אַ אַנדער מין און ניט פֿערלאָזען זיך אויף די, וואָס הויבען אויף ביז'ן הימעל אָדער וואַרפֿען אַראָב טיעף אין דער ערד. —

איך האָף אַז דער לעזער שטויסט זיך שוין אָן וועגען דעם מיין פֿון מיינע בריעף: איך וויל זיך פּריווען, ווי ווייט עס וועט מיר געלינגען, צו שילדערען דעם גאַנג פֿון דער קאָלאָניזאַציאָן אין אַרגענטינאַ פֿון אָנהייב אָן ווי אַזוי ביסליכווייס, ביסליכווייס האָט זיך צונויפֿגעלעגט אַ ציגעל אויף אַ ציגעל און עס האָט זיך אויפֿגעהויבען צווישען די קאָלאָניסטען אין דער אַדמיניסטראַציאָן אַ הויכע וואַנט פֿון שִׂנְאָה, וועלכע איז איצט די ערשטע סבּה פֿאַר וואָס מע רייסט זיך פֿאַהרען צוריק; ווי אַזוי די נעהמער און די פּקידים אויף געבען האָבען געגענזייטיג מַשְׁפִּיעַ געוועזען און אין דער זעלבער צייט מְקַבֵּל געוועזען הַשְׁפָּעָה איינע פֿון די אַנדערע און דורך זייער הַנְהָגָה איז די זאַך געקומען צום יעצטיגען מַעֲמָד — עס האָט געמוזט קומען צו אַזאַ מעמד!

עס איז אָפּילו אויך אמת אַז דער גאַנצער שדוך איז ניט זעהר צוגעפּאַסט, עס זענען דאָ איינינע חֶסְרוֹנוֹת אין קרן אויך, אָבער אַלס אַזעלכע חסרונות מיט וועלכע אַנדערע קענען זיך ווי עס איז אויסמיטלען.

און אַזוי ווי עס איז שוין אַחַר הַמַּעֲשֶׂה, און אַחוץ דעם איז די אַמאָהליגע בחור־יאָהרען אויך ניט אַזוי שטאַרק דאָ וואָס צו זשאַלעווען וואָלט נאָך אַלס געוועזען אָהן סַכָּנָה, ווען עס וואָלט ניט ליגען דער גרעסטער חסרון אין די "תנאים".

אַזוי ווי דער רייכער פֿעטער עליו־השלום האָט געלאָזט שרייבען די תנאים אונטער די אויגען (ווייל ער האָט גערעכענט אַז דער חתן איז נאָך צו יונג), דרום איז פֿון דעם נדן געוואָרען ניט מעהר ווי אַ קוּפָּה שֶׁל צְדָקָה, אַגרויסע אונגעהייערע צדקה־פּושקע; און דאָס איז אַ כְּלָל אַז מיט צדקה קען מען בויען הייזער פֿאַר זקנים, שפּיטעלער פֿאַר קראַנקע, מע קען גרינדען די גרעסטע שולען, ביבליאָטעקען, מע קען אויך שאַפֿען פֿיינע קאָלאָניעס מיט גרינע פֿעלדער און בליהענדע גערטנער, אָבער עס איז זעהר שווער צו בעשאַפֿען אמת'ע קאָלאָניסטען. די טבע פֿון צדקה איז מחייב אַז די וואָס זענען נֶהֱנֶה דערפֿון ווערען ביסליכווייס צוגעוועהנט צו דעם רַעְיוֹן, אַז דאָס איז ניט אַ מיטעל אויף צו ערדרייכען עפּיס אַ צוועק נאָר דאָס איז טאַקי דער צוועק אַליין, אַ גוט שטיקעל עסק, אַזוי איז עס עַל פִּי רוֹב. געוויס געפֿינט זיך אויך אַ קליינער צאָהל מענשען צווישען זיי, וואָס וואָלטען טאַקי נעביך געוואָלט שטעהן אויף אייגענע פֿיס און ניט דאַרפֿען אָנקומען צו אַ מענשענס גאָב, מוזען זיי אָבער ליידען צו ליעב די אַנדערע, ווייל "בהדי הוצא לקי כרבא". היינט דער אַדמיניסטראַטאָר איז דאָך אויך ניט מעהר ווי אַ מענש, אַ בָּשָׂר־וָדָם און קען ניט זיין אַ בוחן לבבות; און דערביי האָט ער טאַקי אין זיך אַנדערע מענשליכע פֿעהלערען — יעדער איינער האָט די זייניגע. וויעפֿיל אַדמיניסטראַטאָרען עס האָבען זיך געביטען, אָבער כל זמן די צדקה־פּושקע בלייבט איז אַלס די זעלבע צרה: דאָס פֿעראַכטען די קאָלאָניסטען און ניט רעכנען זיי פֿאַר מענשען געהט איבער בירושה פֿון איינעם צום אַנדערען, פֿון דעם עלטסטען ביז דעם קלענסטען אַגענט, וואָס איז ניט לאַנג אַליין געוועזען אַ קאָלאָניסט. ווען דער אַדמיניסטראַטאָר טהוט אויף עפּיס אַ נייעס פֿרעגט ער ניט אָן די קאָלאָניסטען און וואָס ער טהוט איז אָפּגעטוהן און פֿערפֿאַלען.

פֿון דער אַנדערער זייט די שנאה פֿון די קאָלאָניסטען צו דער אַדמיניסטראַציאָן בִּכְלָל איז אויך איינגעוואָרצעלט טיעף אין האַרצען ביי יעדען; דערצו האָבען פֿיעל מיט־געהאָלפֿען די בריעף־שרייבער און ידיעות־פֿערברייטער פֿון אַ געוויסען מין, וועלכע האָבען נאָר אַ בעזאָנדערע הַשָּׂגָה וועגען דער צדקה־פּושקע און איהר צוועק, און דאָרום האָבען זיי אויך געוויסע טְעָמִים זיך אַרויס צו שטעלען פֿאַר בַּעֲלֵי־טוֹבוֹת און זאָרגער פֿאַר די קאָלאָניסטען; און וואָס די אַדמיניסטראַציאָן זאָל ניט טהון, זוכען זיי צו געבען צו פֿערשטעהן די קאָלאָניסטען אַז עס איז לכתחלה געמיינט זיי נור שלעכטס צו טהון, אום בעסער צו קענען הערשען איבער זיי.

דערצו האָבען אויך מיטגעהאָלפֿען פֿיעל אַנדערע, גאָר זייטיגע סבּות, וואָס אַליין פֿאַר זיך יעדע בעזונדער האָט דאַכט זיך גאָר קיין מַמָשׁוּת, אָבער אַלע צוזאַמען מאַכען אויס אַ גאַנצען יֵשׁ — נאָר דאָס זענען שוין פְּרָטִים און וועגען זיי וועל איך ערשט רעדען אין מיינע שפּעטערינע בריעף. דאָ אין דער הקדמה האָב איך נור געוואָלט ערקלעהרען בכלל וואָס איך מיין מיט מיין שרייבען, כְּדֵי דער לעזער זאָל ניט לעבען אין טָעוּת — אויב ער איז אַ מְדַקְדֵק און זוכט דַוְקָא שרעקליכע נייעס אָדער פֿרעהליכע נייעס, וועט ער שוין געוויס יוֹצֵא זיין מיט דער הקדמה אַליין, ער וועט פֿערשפּאָרען צו לעזען די פְּרָטִים, וועלכע זענען ניט שרעקליך און ניט פֿרעהליך, זיי זענען נור טרויעריג. דאָס איז אַ הֶמְשֵׁךְ פֿון אונזער ביז איצט אויך גענוג טרויעריגע געשיכטע. ווער אָבער עס וויל וויסען נור "דְבָרִים כְּהַוָיָתָם", דעם בין איך מַבְטִיחַ אַז איך וועל זעהן ווי ווייט מעגליך ניט אָבטרעטען פֿונים אמת, האָטש עס איז צייטענווייס ניט זעהר גרינג.

יעקב בן־יוסף.

---

## גְסִיסָה.

(ענדע).

ציפּה האָט אַלס גערעדט אין דער ניך, אַלע מאָל אויפֿגעהערט און אָנגעהויבען, האָפּענדיג דעם שמועס, וואָס האָט זיך איהר אַזוי ווי "פֿון די הענד געגליטשט". זי האָט געפֿיהלט אַז מען דאַרף שווייגען, נאָר זי האָט מורא געהאַט פֿאַר'ן שטיל־שווייגעניש. זי האָט גערעדט שטיל אַזוי ווי צו זיך אַליין... די אַלטע האָט איהר אַפּילו קיין שאָקעל־צו מיט'ן קאָפּ נישט געטהון; זי איז געזעסען ווי אַ גוֹלֶם, שטאַרק פֿערטיעפֿט אין זיך. און ציפּה האָט פֿאַר איהר מורא בעקומען, גלייך זי וואָלט געזעסען אַליין מיט אַ צעדולטען. אַ רחמנות האָט איהר געקלעמט דאָס האַרץ און עס האָט זי געשראָקען דער בלינדער'ס געדאַנקען וואָס זי זעהט זי טראַכטען...

— האָ! — האָט עס איהר אַ גרויל געטהון. די קראַנקע האָט אָנגעהויבען עפּיס פּלוידערען, נאָר צו הערען איז געוועזען נור אַ ציטערענדיגע שטימע דרעהט זיך עפּיס אין אָפֿנעם מויל ביי איהר און פּלאָנטעט זיך אין דער צונג... שפּעטער האָט ציפּה'ס אויער, וואָס איז שוין געוועזען געוואוינט צום חולה, דערהאַפּט די ווערטער:

...נו, נו... אָהן — אַ עק דער יָם... שווים און שווי־עס... נישטאַ — ני־עשטאַ... וואו איז אַמע־עריקאַ? נישטאַ — שלום! ש־אַ־לעם!

דאָס קול האָט זיך איהר פֿערביטען אויף צו וויינען:

— פֿאַ־אַלג מיך, שלום — כ'דאַרף נישט שיפֿס־קאַרטע... דינג אָן אַ־אַם — איז בעסער... זעהסט... עס זעגט די הענטע־לי־ך... פּיצעלע... שענס... און שוין... שוין... שווים און שווים... נו־נו!...

זי האָט זיך עפּיס ווי געפּרוּגְז'ט, געצויגען מיט די ברעם און געבליבען פֿאַרטייעט.

זי האָט אָנגעהויבען חליפֿען, און נאָכדעם געצויגען אויף אַ קול!

— וועה־עה איז מיר מיי־נע־ע קי־ענדע־ער!

— אוי, אוי! אַ מאַמע, וועה איז מיר, ס'לאָזט זי נישט רוהען די קינדער — האָט ציפּה געזופֿצט און געשלינגען די טרעהרען.

פֿון יענער זייט וועגטיל האָט זיך אָנגעהויבען הערען טרויעריגע געצויגענע טענער, וואָס ברומען שטיל איינגעהאַלטען פֿון אונטער דער נאָז און אַז זיי האָבען אָנגעהויבען געהן העכער זענען זיי מיט אַמאָל אָבגעהאַקט געוואָרען...

און ס'איז שטיל, שאַ — און אַזוי שווער אויפ'ן האַרץ.

נישט ווילענדיג הייבט אָן ציפּה ווידער אַמאָל רעדען:

— אוי דאָס אַמעריקאַ, וועה איז מיר, האָט זי אָבגעקוילעט! אַ קליינינקייט — צרות, אַ קליינינקייט אַזוינע יסורים וואָס זי האָט איבערגעטראָגען: כְּסֵדֶר בריעף, פְּלוּמר'שט נישקשה — און וואָס, שלום איז דען אַבי ווער? ער וועט נישט אָבנאַרען — און פּלוצים ווי אין יַם אַריין! שוין אוודאי 4 חדשים זינט ס'איז פֿון איהם קיין בריעף נישט גע־

וועז — א יאָ, הַיְהִ־יִשָׂרָה? — האָט זי אויסגעלאָזט מיט אַ פראַגע צו דער בלינדער. זי האָט געוואָלט פון איהר האַטש איין וואָרט אַרויסציהען. עפּיס מורא׳דיגעס האָט זי בעמערקט אין דער בלינדער׳ס שווייגען. פאַר וואָס פרעגט זי איהר גאָר נישט איבער וועגען דער טאָכטער ווי אַזוי זי ליגט, צי וואָס — אַזוי ווי תָּמִיד?...

נאָר די אַלטע האָט איהר גאָר נישט געענפערט, האָטש זי האָט געהערט וואָס ציפּה האָט געפרעגט — איהרע געדאַנקען האָבען מיט אַלע חוּשִׁים געזוכט עפּיס אַנדערש... זי האָט געוואָלט הערען, שטאַרק הערען, הערען עפּיס נאָך הוי׳ן דעם וואָס מען קען הערען... זי האָט געוואָלט הערען דאָס וואָס זי האָט נישט געקענט זעהען... זי האָט אפילו געפּרובט אַ שמעק טהון מיט דער נאָז...

פונ׳ם ווינד וואָס האָט זיך אויפגעהויבען אין דרויסען האָבען די צוגעפרוירענע פענסטער געגעבען אַ קראַך.

די קראַנקע האָט זיך געטהון אַ שטאַרקען וואָרף אַז דאָס בעט האָט אַ סקריפּע געטהון.

און ס׳איז ווייטער מורא׳דיג שטיל...

נאָר דער ווינד בלאָזט אין די פענסטער... אין שטוב ווערט אַלס קעלטער... און דער פלאַם פונ׳ם לעמפּיל וואָס אויפ׳ן טישעל נעבען פענסטער, פלאַטערט צו, ער שפּרינגט עטליכע מאָל אונטער, מאַכט אַ בלינדזעקייט אַז ציפּה׳ן דאַכט זיך אַז די ווענד שפּרינגען איהם נאָך...

ישראליק, דאָס עלטערע קינד וואָס שלאָפט אויף דער באַנק, בלאָזט מיט׳ן נעזיל פונ׳ם שלאָף, און דאָס קליינע קינד — קוים וואָס מ׳הערט אַ אָטהעם דערפון...

דער גאַז זידט אויפ׳ן קנייטעל שטיל אין איין טאָן: ס׳ז ז ז.

און פון דער קראַנקער האַרכעלט און פייפט פונ׳ם האַלדז...

דער בלינדער שווידער׳ן די ביינער, גרוילט דאָס לייב.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די קראַנקע האָט זיך אויפגעהאַפּט. עס האָט זי געקרייצט, געריסען אין האַלדז טיעף, אויף צו הוסטען. זי האָט אָנגעהויבען אָנווענדען אַלע כֹּחוֹת דאַרויף, זי זאָל האָטש איין הוס טהון טיעף, טיעף פון דער ברוסט.

נאָר זי האָט אַלע מאָל נור אַ שטאַרקען ציה געטהון דעם אָטהעם אין דער איינגעפאַלענער ברוסט און ער איז באַלד אַרויס מיט אַ פוסטען מִשׁוּנה׳דיגען פייף... פון יעדער ציה האָט זי געפיהלט אַ שאַרפען שטאָך, די בלעך פונ׳ם האַרצען האָט שטאַרק געבראָכען, געצויגען און זי האָט אַלס די לעצטע, אַלע קרעפטען אָנגעווענדעט צו צעריהרען, אויסצור־וואָרצלען די שווערע איינגעוואַקסענע משׂא פון דער ברוסט... און זי ציהט, ציהט דעם אָטהעם און עס ציהט איהר די ברוסט ווי מיט צוואַנ־גען — ביז איהר קאָפּ, אין וועלכען עס האָבען זיך שטאַרק צעהאַמערט די שלעפען, איז צוריקגעפאַלען פערטימעלט...

זי האָט צענימען מיט די הענד אין פערצווייפלונג... און די ברוסט מיט די זייטען האָבען אָנגעהויבען שטאַרק צוטראָגען פון קורצען אָטהעם, וועלכער איז אַריין און אַרויס אין זידענייש און קאָכעניש... און ס׳האָט זי ווידער אַמאָל צערייצט מיט אַ לעדיגען הוס.

— אוי, גאָט!! — האָט זיך אויסגעריסען אַ שטאַרקער זיפ׳ץ מיט אַ ציטערדיג קול פון דער שכנה׳ס האַרץ.

דאָס איז געווען אַ ביטערער פּראָטעסט, גלייך ער האָט געזאָגט: „וואָס פאַר האַרץ דו האָסט, האַר פון דער גאַנצער וועלט — קענסט אַלס פערנעמען!...“

ציפּה האָט זיך נעפאַרעט אַרום „איהר“, זי האָט עפּיס געוואָלט טהון העלפען, פערגרינגערען דער קראַנקער, העלפען אפילו מיט צור־הוסען -- זי זאָל זיך פאַר „איהר“ אויס־הוסען!...

און די בלינדע מאַמע זיצט ווידער פערגליווערט און הערט זיך אַלס איין מיט אַלע חושים:

דער ווינד וואָיעט ווי אַ הונד פאַר׳ן פענסטער.

שטיל שלאָפען, קוים וואָס זיי אָטהעמען,ביידע קינדער.

און דאָס לעמפּעל זידט זיך אַלס שטיל, שוואַך: ס׳ז ז ז...

נאָר די בלינדע ווייסט אַז זי דאַרף עפּיס נאָך הערען — און זי ערוואַרטעט עס...

ציפּה האָט אָנגעטאַפּט דער קראַנקערס פיס, זיי זענען געווען לעבליך.

— גאָט, צו דיר נאָך אַ האָפנונג! — האָט זי געזאָגט שטיל פאַר זיך און פאַרגלעצט אַרויף מיט די אויגען — און מיט׳ן געדאַנק האָט זי געבעטען: „גיב איהר כּח זיך אויסצוהוסען!“ — איהר האָט זיך אַלס געדאַכט אַז די גאַנצע יְשׁוּעָה בעשטעהט אין אַ הוס; דער דאָקטאָר האָט דאָך געזאָגט אַז זי דאַרף זיך נור אויסהוסען...

— מ׳דאַרף זי דערמאָנען אַז זי זאָל זיך אויסהוסען; דער דאָקטאָר האָט אַזוי געהייסען — האָט זי געזאָגט צו דער אַלטער.

— ש־שאַ! — האָט אָבער די אַלטע שטרענג בעפוילען.

און מע זיצט שוין ווידער שטום.

ציפּה וואָלט געוואָלט איבערלעזען עפּיס אויף דער אַלטער פער־שטיינערטע צורה, וואָס זיצט מיט אַ אָפען מויל און אויגען און הערט זיך איין אַזוי פערטיעפט; נאָר זי קען זיך איצט אין איהר נישט איינקוקען, זי האָט עפּיס מורא פאַר איהר און אפילו פאַר איהר סאָטען ווי אַ קליין קינד... זי מוז אַראָבלאָזען די אויגען אויף דער קראַנקער: און זי זעהט זי ליעגען אויף דעם קויטיגען קישען אין אַזאַ מיאוסער פּאָזע: דעם קאָפּ פערוואָרפען, די גרויסע צען שטאַרען אַרויס פון אונטער די פערדאַרטע, צעפאַלענע ליפען, און דער מאָגערער, טויט־געלבער האַלדז איז אויסגעשטרעקט: „נור ווי צו דער שחיטה“... און ס׳פייפט אַלע מאָל עפּיס אַרויס פון איהם... און זי דערמאָנט זיך, נור זי ווייסט נישט צי האָט זי עס געהאָט געזעהן אין חלום, צי דער כַּח־הַמְדַמֶּה האָט עס איהר אַזוי פאַרגעשטעלט, אַז רחל קוקט אויף איהר בלייך מיט אַ רחמנות־פּנים און ווייזט איהר אָן אויפ׳ן האַלדז...

און ציפּה רייבט דעם שטערן, ווישט די אויגען אַז זי זאָל נישט זעהן און טראַכטען — — —

— האַ, ס׳איז קאַלט! — טהוט זי זיך אַ האַפּ אויף און דערשרעקט זיך פאַר איהר קול אַליין. נאָר זי דערפיהלט טאַקע ווי אין די פיס איז איהר גוט קאַלט און זעהט די פאַרע וואָס געהט איהר פונ׳ם מויל; און זי האָט זיך דערמאָנט אין די קינדער און איז צו־געגאַנגען און זיי בעסער אַרומגעדעקט. —

זי האָט זיך צוריק־געזעצט קוקען דער קראַנקער אין דער מינע: „זי ווייסט נישט גאָר־נישט — טראַכט זי — זי שלאָפט“... „ניין, זי ווייסט יאָ, נאָר עס אַרט זי נישט“ — טהוט זי צוריק אַ טראַכט, זיך דער־מאָנענדיג ווען זי אַליין איז געליגען שלאָף אין דער קינפּעט האָט זי עס ווי יאָ געוואוסט נאָר ס׳האָט זי נישט געאַרט, גאָר נישט, קיינער נישט... און עס דערמאָנט זיך איהר די צורה פון דעם קינד וואָס איז צוריק מיט צוויי יאָהר געשטאָרבען... דאָס האַרץ ציהט איהר אין אַ בענקעניש — זי פערטראַכט זיך און עס פאַרמישען זיך איהר די געדאַנקען... און זי זעהט: אינ׳ם ווינקעל אין סאָטען שטעהט עפּיס אַ צורה, אַ דאַרער מיט אַ לאַנגער באָרד מיט איהר קינד אונטער דער אָרעם, ער האַלט עס אַזוי ווי מ׳האַלט אַ טלית־ותפילין־זאַק... און ער שטעלט, גלעט אַ לאַנגען הֶלְף מיט אַ נאָס שמייכעלע אויפ׳ן טונקלען פּנים... זי האַפּט זיך אויף און זי ווייסט נישט צי איז זי געשלאָפען און דאָס זאָל געוועהן זיין נור אַ חלום??...

דאָס קליינע קינד פונ׳ם וויעגעלע האָט פּלוצום אָנגעהויבען צו חליפען טיעף שווער פונ׳ם הערציל און האָט ערוואַכט מיט אַ געוויין. ציפּה איז צו־געגאַנגען און עס אָנגעהויבען צו וויעגען, און עס האָט זיך גאָך שטאַרקער צעוויינט. זי גיבט עס אַ טרינק צו׳ם פּיסקעל, עס דער־רֶגְעֶנט זיך נאָך מעהר... זי האָט עס אַרויסגענומען, עס ציהט זיך צום בעט, צו דער קראַנקער מוטער...

„עס ברענט עס נעביך נאָך דער ברוסט, פייגעלע!“ — האָט זי עס אין געדאַנק בעדויערט און איז צו־געגאַנגען דערמיט צום בעט, און עס האָט זיך אַ וואָרף געטהון צוריק, ווי דערשראָקען און ברוגז אונ בע־האַלטען דאָס איינגעשרימפּענע פּנימ׳ל צווישען איהר האַלדז און אַקסעל מיט געוויין... דאָס וואַרמע מוטערליך געפיהל, וואָס האָט זיך דערפון ערוועקט אין ציפּה׳ן, איז באַלד פערקיהלט געוואָרען; זי האָט דערזעהן פּלוצים, אַז די קראַנקע ליעגט עפּעס ווי אַ לעהם, ווי אַ טויטע מאַסע, עס

האָט איהר אַ טיאַכקע געטהון אין האַרץ וואָס זי "מינעט זיך אַזוי", זי וויל ראַטעווען, פּילדערען, נישט לאָזען, און ווייסט נישט וואו צו לויפען, וואָס צו טהון...

— נור דו מיט די קינדער זענט אין שטוב?... — האָט פּלוצים די אַלטע שטיל אַ פרעג געטהון ציפּה'ן.

— וואָס הייסט?... — האָט ציפּה איבערגעפרעגט כלומר'שט רוהיג, און די האָר האָבען זי אָנגעהויבען שטעכען פאַר שרעק.

— ס'איז עמיצער שטיל אַריין... האָט זיך מיר געדאַכט — האָט די אַלטע געזאָגט שטיל ווי פאַר זיך.

אין ציפּה'ן שטאַרבט דאָס האַרץ פון יעדער וואָרט פון דער בלינדער. זי פערגעסט שוין וואָס זי האָט געוואָלט טהון... זי קוקט זיך אום מיט מורא אויף די משונה גרויסע סאָטענס, וואָס לעגען זיך אָב אויף דער וואַנד און פערבעגען זיך אויף דער סטעליע... זי וויל זיך איינהערען, ווײנט אָבער דאָס קינד, וואָס אויף די הענד, איהר אין אויער אַריין. זי טילעט, דווישעט עס איין אין איהר ברוסט און הערט זיך צו מיט האַרץ־קלאַפּעניש:

דער ווינד קלאָגט אַז ס'איז אַ פּחד...

אין שטוב הערט זיך נור ישראליק'ס שווערע אָטמען...

נאָר דאָך דאַכט זיך איהר אַז "עמיצער" דרעהט זיך צווישען זיי, וואָס וואַרפט אָן אַ מורא אַ פחד און אַ קעלט אין שטוב, אַז זי ציטערט און דאָס קינד ווײנט און די בלינדע הערט איהם...

דער שכל אָבער לאָזט זיך נאָך נישט און זי ברוגז'ט זיך אויף דער אַלטער:

— וואָס רעדט איהר וואָס אויך נאַרישקייטען?...

— נאַרישקייטען?... — האָט די אַלטע איראָניש נאָכגעזאָגט.

— "זי" האָט קיין וִדוי נישט געזאָגט... וואָס טהוט מען?... — האָט די אַלטע ווידער אַ רעד געטהון ווי מיט זיך אַליין.

"וואָס שטעה איך מיט'ן קינד? יענע איז ביי גסיסה!" — און ביי דעם געדאַנק האָט ציפּה אַנידער־געוואָרפען דאָס וויינענדיגע קינד נעבען ישראליקען, וועלכער איז זיך רוהיג געשלאָפען... זי האָט זיך דערמאָנט אַז פריהער, ווען זי האָט זיך געוואָלט האַפען ראַטעווען, האָט זי דאָס ערשטע געוואָלט אָנטאַפּען דער קראַנקערס פיס. זי ווייסט אַז די פיס דאַרף מען האַלטען וואַרעם, ווייל תמיד פאַר'ן טויט ווערען קאַלט די פיס — און זי איז צו צו דער קראַנקער.

די קראַנקע איז געליגען בלאַס־געלב.

— אוי, וועה!! — רחל, רחל! — האָט זי אויסגעשאָסען מיט אַ געוויין, אַז זי האָט אָנגעטאַפּט איהרע שנעע־קאַלטע הענד און פיס.

די קראַנקע האָט געעפענט און געווענדעט די אויגען נאָכ'ן קול און זי האָט דערזעהן איהרע קינדערל'ך:

ישראליק איז געשטאַנען נעבען בעט נאַקעט, זיך געהויקערט, געציטערט און געקוקט תמ'עוואַטע; אויף די הענד האָט ער געהאַלטען דאָס קליינע קינד, וואָס האָט זיך געריסען אויף אַ הייזעריג קולכען, צו־געהליפּעט און אַוועק־געצויגען פונ'ם בעט...

די שטאַרבענדע מוטער האָט דאָס אַלעס בעמערקט.

— אוי, אוי! — האָט זי אַ שוואַכען קרעכ'ן געטהון און צוגעמאַכט די אויגען...

ציפּה וויל ראַטעווען, נישט לאָזען די פיס זיין קאַלט... זי איז צו צום קוימען אַראָבנעמען די פּאַקרישקע, זי זאָל זי צו־לעגען צו דערוואַרמען דער קראַנקער'ס פיס. די פּאַקרישקע איז שוין אָבער געווען גאַר קאַלט, עפּיס אַנדערש קיין וואַרעמס איז נישט געוועהן, וואו צו דערוואַרמען עפּיס איז אויך נישטאָ; נישטאָ קיין ביסעל שטרוי, קיין קויל אין שטוב, גאָר נישטאָ... ציפּה האָט זיך צעווײנט אין פערצווייפלונג...

ישראליק האָט זיך אויך צעווײנט, ציטערענדיג מיט יעדער אבר, אַז די ציין אין מויל האָבען איהם צוגעקלינגען און דאָס קינד וואָס ביי איהם אויף די הענד האָט נאָך אויך נישט אויפגעהערט צו וויינען.

און די אַלטע די בלינדע איז געשטאַנען איינגעבויגען איבער דער טאָכטער...

אַ בראָך־קלאַנג פון גלאָז האָט זיי אַלע איבערגעשראָקען און איבערגעשלאָגען דאָס געוויין... דאָס איז געשעהן פון יענער זייט ווענטיל, ביי'ם לעהרער.

— ווער שטעהט צו־קאָפּענס... ביי'ם בעט... דו, ציפּה?... — האָט די אַלטע געפרעגט שטיל, ווען דאָס געוויין האָט זיך געזאָלט אָנהייבען נאָך אַמאָל — איך פיהל איין אָטהעם אפילו...

פאַר מורא האָבען זיי פערגעסען צו וויינען — — —

ס'איז אַריין איינער אַ הויכער מיט איין אויפגעשטעלטען קאָלנער פונ'ם אויסגערובענעם פּאַלטאָ, מיט אַ צעבאַרשטען בלאַס דערשראָקען פּנים, מיט לאַנגע צעפּאַטעלטע האָר, און ער האָט זיך אַרומגעקוקט...

דאָס איז געוועהן דער שכן דער לעהרער.

— דאָס לעמפּעל געהט אויס! — האָט ער אָנגעוויזען ציפּה'ן.

דער פלאָם פונ'ם לעמפּעל האָט זיך טאַקי אָנגעהויבען זעצען און וואָס אַמאָל געברענט אַלס טונקלער, און צוגעשפּריצט מיט פונקען.

ישראליק מיט'ן וויינענדיגען קינד איז געשטאַנען נאַקעט און באָרפיס איינגעטולעט אין ציפּה'ן: עס האָט אויסגעזעהן ווי אַ דערשראָקען לעמעלע וואָס בעהאַלט זיך אין דער שאָף.

די אַלטע איז געשטאַנען איבער דער טאָכטער גלייך ווי אַ מצבה און מיט אַ טויט פּנים ווי אַ מת...

און "זי" איז געליגען, גלייך אויסגעשטרעקט אונטער דער אויסגעריבענער קאָלדרע, דאָס פּנים פערשפּיצט, פערגעלט, די אויגען פערמאַכט אַז נור צוויי ווייסע פּאַסקעליך האָט זיך אַרויסגעזעהן פון זיי, און טיעף אַריינגעצויגען אין די גריבליך אונטער'ן שטערן, וועלכער האָט אויף זיי געוואָרפען אַ שוואַרצען סאָטען; אין דער ברוסט האָט געזאָטען פון יעדען אָטהעם־ציהען...

— זעהט ערגעץ אַ ליכט! — האָט ווידער אַמאָל געזאָגט דער לעהרער צו דער שכנה, און האָט געהאַפּטביידע פערפרוירענע נאַקעטע קינדער אויף די הענד צו זיך אין פּאַלטאָ אַריין.

ציפּה האָט זיך אַ לאָזגעטהון געהן, נאָר זי איז געבליבען שטעהן זאָגענדיג:

— דאָס לעמפּעל איז דאָך מיינס, דאָ איז נאָך נעכטען אויסגעגאַנגען גאָז, ביי מיר איז שוין אויך נישטאָ. נעמט העריין אייער לעמפּעל גיכער...

ציפּה, וועלכע האָט זיך שוין מיָאש געוועזן פון רחל'ן, איז געוועזן ווי טריד, אַזוי ווי איינער וואָס קומט צו יענעם עפּיס אונטערהעלפען און ווערט ברַעשט נאָך איידער ער טהוט עפּיס. און אין האַרצען איז זי געוועזן גערען וואָס זי האָט זיך פערשפּאָרט דעם גאַנג; זי האָט שטאַרק מורא געהאַט זיך אָבצוטהיילען פון דאַנען, נאָך מעהר ווי צו שטעהן דאָ, גלייך זי האָט מורא געהאַט אַז זי וועט אַרויסגעהן וועט זיך דער מלאך־המות פריהער נעמען פאַר רחל'ן...

— איך האָב דאָך אויך נישט קיין גאָז! — האָט זיך דער לעהרער פערצווייפעלט — איך האָב איצט געמוזט זיצען ביי'ם ליכט פונ'ם לאָנטער'ן, האָב איך איהם נור־וואָס צעבראָכען ווען איהר האָט זיך צעוויינט... איך זאָל חאָטש געפונען דאָס שטיקעל ליכט! — און ער האָט גיך אַראָבגעלאָזט די קינדער פון די הענד...

ציפּה האָט איהם אַ טאָרע געטהון און אָנגעוויזען מיט אַ ווינק אויפ'ן קאָפּ אַז ער זאָל אָנטהון דאָס היטעל צו דעם וועלכעס דאַרף באַלד געשעהן...

ער איז אַרויס.

דאָס לעמפּעל האָט זיך אַלס טיעפער געזעצט, אין שטיבעל איז געוואָרען אַלס טונקלער... אָט ווערט עס שוין גאָר טונקעל... אָט טהוט עס נאָך פּלוצים אַ שיין, עס ווערט ליכטיג, נאָר תיכף לאָזט זיך אַראָב אויפ'ן גאַנצען הדר נאָך אַ טונקלערער אַ געדיכטערער סאָטען ווי פריהער.. עס ווערט שוין כמעט גאָר פינסטער, נאָר ווי אַ רויטע קויל זעהט זיך נאָך ברענען אין לעמפּעל...

— וואָס?... וואָס איז דאָ ציפּה?! — האָט די בלינדע פּלוצים אַ פרעג געטהון מיט שרעק.

— איך ווייס נישט... האָט ציפּה שטיל און קאַלטבלוטיג זיך געענטפערט...

— נו טאָכטער! — רחל! — זאָג עפּיס!... — האָט די אַלטע געציטערט, געמונטערט און געבעטען איהר קינד.

— וואָס מאַ־אַמע?.. — האָט געפרעגט די גוססת הייזעריג, אָהן אַ קול —

— דו ווייסט אַז ס'איז דאָ אַ גאָט? טאָכטער מיינע!...

— יאָ מאַ־מע... אי־עך ווייס...

— זאָג זשע טאָכטער:

שְׁמַע יִשְׂרָאֵל, אֲדֹנָי אֱלֹהֵינוּ, אֲדֹנָי אֶחָ־ד!!

דאָס לעמפּעל האָט אַנאָס געטהון מיט שיין אויפ'ן גאַנצען הדר.

די גוססת האָט אָנגעהויבען נאָכזאָגען דעם „שמע ישראל" נאָך דער מוטער; נאָכדעם אַליין זאָגען אוי איבערזאָגען, געצוינגען שטיל, שוואַך און די אַלטע מאַמע האָט זיך צעשאָקעלט איבער איהר אין דער פינסטער..

ציפּה'ס פינגער האָבען געקנאַקט, זי האָט זי שטאַרק געבראָכען...

דאָס קליינע קינד האָט שוין מעהר געהליפּעט ווי געוויינט...

דער לעהרער, מיט אַ גאַריבאַלדיע אויפ'ן קאָפּ, איז אַריין פּלוצים מיט'ן ליכטיגקייט פונ'ם ליכט וואָס די שיין איז געפאַלען גלייך דער גוססת אין פּנים... און זי האָט זיך פערפּלאָנטעט ביי'ם וואָרט „ישראל".

— יש־ר־־אל, יש־ר־־אאל — האָט זי געזאָגט עטוואָס העכער און געעפנעט די אויגען, און זי האָט ווידער געזעהן, ווי דורך אַ חלום ווי אַ ערשיינונג אין געדאַנק — ישראליקען, איהר יונגעלע שטעהען, שטעהען נאַקעט מיט'ן קליינעם קינד, וועלכעם האָט פאַרלעגט מיעד מיט דעם קעפּעל צו שלאָפען אויף ישראליק'ס אַקסעל.

און זי האָט געוואוסט אַז זי דאַרף אַצינד עפּיס זאָגען... וואָס?... מאַכען אַ ברכה?...

— ב־רוך, ברוך... — האָבען זיך אָנגעהויבען בעוועגען איהרע ליפּען מיט דער צונג. נאָר זי האָט געפיהלט אַז נישט דאָס דאַרף מען — ס'איז איהר טונקעל, זי בלאָנזעט... היינגט עפּיס ווי אין דער לופטען.. און זי האָט אַזוך געטהון מיט די אויגען, גרויסע אויגען, דעם וואָס האָט זי תמיד דערהאַלטען, האָט זי ליעב געהאַט מיט איהרע קינדער...

— שלום, שלום! — האָט זי איהם גערופען, דעם מאַן איהרען...

און זי האָט דערהערט ווי די מאַמע רופט אוים אויף אַקול פון מְסִירַת־נֶפֶש, פון קִדוּשׁ־הַשֵׁם.

— זאָג, זאָג:

שמע ישראל, אדני אלהינו, אדני אחד!!!

און זי האָט אָנגעהויבען נאָכזאָגען, איבערזאָגען, זאָגען פון זיך. עס זאָגט זיך אַליין, עס ציהט זיך פונ'ם האַרץ, שוועבט אַוועק. לאַנגזאַם, גרינג, שטיל, לויז און ליכטיג מיט דער נשמה אַהין אַהין — — — —

און די ביישטעהנדע האָבען געזעהן אַז דאָס פערשפּיצטע בערדעל האָט זיך געטהון עטליכע מאָל אַ ציה צוריק, אַראָב, ביי'ם לעצטען גאָר שוואַכען אָטעם ציהען... און זי איז געבליבען אָפען מיט'ן מויל— — -

— בָּרוּךְ דַיָן אֱמֶת! — האָט זיך עס ערשטע די אַלטע און נאָך איהר אַלע אין איינעם צעוויינט.

די הענער האָבען זיך שוין אָנגעהויבען איבערקרעהען, און עס האָט זיך אַלס פערשטאַרקט דאָס געוויין, און וועלכע ס'האָט געציטערט אַ אַל־טע צעבראָכענע שטימע:

— כּשר'ע נשמה, פרומע מיינע!!...

און שטאַרקער, בעזער פון אַלע האָט געוועוועט דער לעהרער, ער איז געוועהן געריהרט, עס האָט איהם געדרעהט, געבראָכען און געבויגען אין אַלע זייטען גלייך ווי אין אַקראַמפּף... אויף די הענד האָט ער זיך געהאַלטען מיט ביידע וויינענדענע פערפרוירענע יתומים'לך און זיי גע־פרעסט מיט אַלע, אַלע כּוחות צום האַרץ— — — — — — — — —

ש. בן־ציון.

---

# דרייפוס.

(נעווירמעט מיינער כּרוי).

ער איז ניט געוועזן קיין קאַפּיטאַן, איז קיינמאָל ניט געוועזן אין פּאַריז, ניט געזעסען אין תְּפִיסָה, ניט אויף דעם טייפעלס־אינזעל, — ער איז געוועזן אַ איינפאַכער יוד, אין אַ יודיש קליין שטעדטיל, אָבער אויך אַ דרייפוס; לְכָל־הַפָּחוֹת ער אַליין האָט זיך פאַר אַ דרייפוס געהאַלטען.

געהייסען האָט ער איינענטליך אברהם טרייוויש, אין שטעדטיל אָבער האָט מען איהם מעהר געקענט מיט זיין נאָמען: דער האָרער חַזָן.

ער איז געוועזען אַהויכער און אַ דאַרער יוננערמאַן, אַ עֶרֶךְ איבער דרייסיג יאָהר, מיט אַ געלב־בלייך פּנִים און אַ געלבליך בערדילע. זיינע אַביסעל איינגעפאַלענע מָרָה־שְׁחוֹרָה'דיגע אויגען האָבען אַפגעשפּיגעלט טיעפען אונמוטה און אונרוהיגקייט. ער איז געוועזען אַ אַלְמָן, האָט זיך אויפגעהאַלטען אין בֵּית־הַמִדְרָשׁ, וואו ער איז געוועזען דער חַזָן. ער איז תָּמִיד געזעסען נור אויף אַ סֵפֶר און האָט שטילערהייט געלערנט. געוועהנ־ליך איז דאָס געוועזען אַ גְמָרָא, אַ מאָל אָבער אויך אַ „כּוּזָרִי" אַ „מוֹרֵה נְבוֹכִים", דערביי האָט ער אָפט געקנייטשט דעם שטערן און מיט אַ האַנד געדרעהט אַ פֵּאָה אָדער די האָר פון קאָפּ. אָפט האָט ער איבערגעריסען זיין לערנען און האָט זיך שטאַרק פערטראַכט. ערשט שפּעט אין דער נאַכט, אַז אַלעס אַרום איהם האָט רוהיג אָדער אונרוהיג געשלאָפען, די שוואַרצע שאָטענס האָבען געשפּילט אין שטילען בֵּית־הַמִדְרָשׁ און די פינסטערע נאַכט האָט אַריינגעקוקט ווי פערזאָרגט אין פענסטער,—ערשט דאַן האָט אָפטמאָל אברהם געלערנט אויפ'ן קול און מיט אַ אומיטיגען און זיסען נגון געזינגען: „אָמַר אַבַּיֵי, אָמַר רָבָא, אַי, אַי, אָמַר רָבָא!" און בִּשְׁעַת מַעֲשֶׂה אָפט געדרוקט זיין שטערן מיט דער האַנד, ווי ער וואָלט געוואָלט פעריאָגען פון דאָרט אַלע בייזע מַחֲשָׁבוֹת. און סוֹף כָּל סוֹף פלעגט ער מיט אַ פערדרוס צומאַכען די גְמָרָא, האַפּען אַ אַנדער סֵפֶר פון די סְפָרִים, וואָס ער האָט געהאַלטען פערשלאָסען אין זיין קאַסטען: אַ „שָׁלוֹם עַל יִשְׂרָאֵל", אַ „תְּעוּדָה" אָדער גאָר אַ „תּוֹעֶה בְּדַרְכֵי הַחַיִים" און לייענען זיי מיט דעם איינענעם נגון ווי גְמָרָא, נאָר נאָך מיט מעהר היץ און פייער, מיט מעהר הִתְלַהֲבוּת און הִתְפַּעֲלוּת, און פּלוצלינג פלעגט ער אויפהערען לייענען און גאָר פערטראַכטען זיך, און ערשראָקען פלעגט ער זיך ווייטער צוהאַפּען צום סֵפֶר. און מיט אַמאָל ווערט ווייטער שטיל אין בֵּית־הַמִדְרָשׁ: אברהם זיצט אונרוהיג און צומישט אויף זיין אָרט ער קוקט מיט גרויסע אויגען אויף די שאָטענס. און וויפיעל מאָל האָט נאָך דער פריהמאָרגען געטראָפען, ווי ער זיצט און קוקט אונבעוועגליך אַרום זיך...

אין פּיציקע האָט מען געזאָגט, אַז ביים האָרער חַזָן איז דאָ אַביסעל געלד. אָרימע לייט האָבען ביי איהם אָפט געבאָרגט קליינע גְמִילוּת־חֲסָדִים, איינינע מאָל האָט ער אפילו אויסגעהאַלטען מיט אַ פּאָר רובל אַ פּאָר יְשִׁיבָה־בָחוּרִים, וואָס האָבען בעשלאָסען אַוועקלאָזען די יְשִׁיבָה און זוכען זיך אַ תַּכְלִית אין לעבען אויף דער ווייטער וועלט.

מֵאִיר דער שַׁמָשׁ, אַ יודעל אין די זעכציגער יאָהרען, אַביסעל אַ „יוֹדֵעַ־סֵפֶר" האָט זעהר ליב געהאַט דעם מַתְמִיד דעם חזן. זיין הַתְמָדָה אפילו איז איהם ניט גאָר געפעלען, אברהם האָט צופיל געלערנט, און עפּיס מאָדנע, אָהן אַ טאַלק, אָהן אַ סֵדֶר; דערפאַר אָבער האָט מאיר פון חַזָן אָפט געליהען אַ גְמִילוּת־חֶסֶד, און אַמאָל האָט ער פון איהם איבער־גענומען אַ „מְכַלְכֵּל־חַיִים", אַ „זָכְרֵנוּ" אָדער אַזוי גלאַט אַ וואָלעכיל; דאָס איז ביי איהם געוועזען טייערער ווי גאָלד: מאיר איז אַליין געוועזען אַ האַלבער חזן און האָט געדאַוועגט שַׁחֲרִיתִים יָמִים־נוֹרָאִים...

נאָך ליעבער האָט אברהם'ען געהאַט דער וואַסער־טרעגער „לייבע דער יָוָן". לייבע איז אַ מאָל, נאָך אין דער צייט פונ'ם קייזער ניקולייַ, געוועזען אַ זעלנער, און האָט פערדינט זיין קאַרגע היונה פון דעם וואָס ער האָט וואַסער געטראָגען צו די רייכערע בַּעֲלֵי־בָּתִּים פון בֵּית־הַמִדְרָשׁ. ער איז שטענדיג געוועזען לוסטיג און פרעהליך, האָט מיט הֵשֶׁק געזונגען זיין „אַךְ, מְקִימִי מֵעָפָר דַל" אָדער: „דער פעטער אידעלע האָט געהאַט אַ פידעלע" און דערביי האָט ער נאָכגעמאַכט, ווי עס שפּילט דאָס פידעלע און ווי עס פייפט די פלייט, און ווי עס בלאָזט די טרובע און נאָך צו־געטאַנצט מיט די פיס, ווי צום טאַקט. לייבע דער יָוָן האָט אַליין ניט

געוואוסט גוט, פאַר וואָס ער האָט אַזוי גערן אברהם'ען. ער איז אַזאַ בלייכער, אַזאַ מחיה'דיגער און אַזאַ אומוטיגער, אויף איהם איז דאָך אַזאַ רחמנות...

אברהם איז געווען אַ גוטער חזן, אַ זיסער בעל־תפלה און דער עולם אין שטעדטיל איז איהם העכסט צופרידען געווען. אַז ער איז געשטאַנען פאַר דעם עמוד, מיט דער טלית אַריבערגעדעקט איבער'ן קאָפּ, און געזאָגט אַ „מפני־חטאינו'לע", אַ „אבינו־מלכנו" אָדער אַזוי אַ שטיקעל פיוט, איז דער גאַנצער קהל ממש צוגאַנגען פון מתיקות. דער חזן האָט ווי פערטייטשט יעדעס וואָרט; אין איהם האָט בעת־מעשה געוויינט, געזיפצט און געציטערט יעדעס אבר, און מיט איהם האָבען געוויינט און געקלאָגט די שטומע ווענד און אַלע מתפללים זענען געשטאַנען צוהיצטע ווי פערצויבערט פון זיינע הויכע, זיסע, ווייכע און האַרציגע קולות. היינט די ווייבער? די פלעגען קלאָגען און גיסען זיך, ווי אויפ'ן חורבן.

ערשט פינף יאָהר אַז אברהם איז נאָך פיציקע געקומען. פון זיין פריהערדיגען לעבען האָט מען ווייניג אין שטעדטיל געוואוסט. אברהם האָט פון דעם גאָר נישט דערצעהלט. וואָס האָט ער געקענט דערצעהלען? וואָלט איהם עמיצער אין פיציקע פערשטעהן? האָט ער דען אַליין געוואוסט וואָס ער וויל און וואָס ער וויל ניט. ער האָט שטענדיג געטראַכט און געדאַכט, און ס'איז נישט געוואָרען פון אַלע זיינע מחשבות. ער מוז אַוועק פון בית־מדרש, אָפּרייסען זיך פון עמוד, ער מוז אַהין, אין דער ווייטער וועלט, און דאָך האָט איהם עטוואָס ווי געפעסעלט צו זיין אָרט און ער האָט ניט געפונען די מוטה אויסצופיהרען זיין וואונש...

נאָר זעהר אַ קורצע צייט איז ער גליקליך געווען. דאָס איז געווען באַלד נאָך זיין חתונה אין האָרע. זיין ווייב איז געווען גאָר אַ שענע, אַ חכמה און אַביסעל אַ היינטוועלטיגע. זי האָט איהם אין זיינע מחשבות געשטאַרקט: „דו מוזט אַרויספאָהרען אין אַ גרעסערע שטאָדט, מיט דיין קול, מיט דיינע ידיעות וועסט־דו שוין צו אַ תכלית קומען". זי האָט אַפּט געשמיעסט פון קאָנסערוואַטאָריע...

און מיט אַמאָל, גאָר פלוצלינג, איז זיין יונג ווייביל געשטאָרבען. ביי אַ חודש איז זי קראַנק געווען. די דאָקטוירים האָבען פאַר איהם נישט געלייקענט, אַז איהר לעבען איז אין סכנות, זי אַליין האָט אויך זעהר גוט פערשטאַנען, אַז ס'איז אויס מיט איהר. און דאָך האָט אברהם ניט געוואָלט הערען, ניט געוואָלט גלויבען. „זי מוז לעבען, זי מוז ווידער געזונד זיין; זי טאָר נישט שטאַרבען". און אַז זי איז געשטאָרבען, האָט ער אַליין נאָך נישט געוואָלט גלויבען. איהם האָט זיך געדאַכט, אַז זי שלאָפט נור... ער האָט ניט געקענט זעהן, ווי מען האָט זי, אַ לעבעדיגע, אין קבר אַראָבגעלאָזען. וואָכען־לאַנג איז ער אַרומגעגאַנגען ווי אַ צומישטער און זיך ניט געקענט געפונען קיין אָרט. אַלעס איז לעהר אַרום איהם, אַלעס איז לעהר אין איהם. ער האָט פערלוירען זיין זיכערסטע שטיצע אין לעבען. ער האָט ניט געוואוסט, וואָס ער זאָל אָנהויבען. פאָהרען מוז ער — ער קען נישט בלייבען אין זיין פינסטער שטעדטיל, וואו אַלעס האָט איהם זיין גליק דערמאָהנט... אָבער וואוהין פאָהרען און צו וואָס? וועמען האָט ער איצטער אויף דער ווייטער וועלט, פאַר וועמען זאָל ער אַרבייטען, צו עפּיס זיך שטרעבען?

און ער איז אַוועק פון האָרע און דערפאָהרען ביז פיציקע. דאָ איז ער דערווייל אַ חזן געוואָרען. די ווײלע דויערט שוין פינף יאָהר.

— פאָהרען! פאָהרען! נישט זיצען! דאָרט וועסט־דו גרויס ווערען — האָט תמיד אין זיין אויער געפליסטערט אַ זיס קול. ער דערקענט זי, דיעזע הייליגע, ליעבע, האַרציגע שטימע! און עס ערוואַכען אין איהם טויזענד זיסע געפיהלען און מחשבות: ער איז שוין אַ גרויסער מענש, ער לערנט און זינגט, און איז זיך טאַקי עוסק אין כלל־זאַכען. מיט יודען דאַרף מען דאָך אויך מאַכען אַמאָל אַ טאָלק, וואָס וועלען זיי אויסזיצען אין די השך'דיגע פיציקעס? און זיין פאַנטאַזיע מאָהלט איהם רייכע און שענע בילדער, איין בילד שענער פונ'ם אַנדערען... און מיט אַמאָל פערשווינדעט אַלעס, עס ווערט שטיל און לעהר אין זיין קאָפּ, אין זיין האַרץ, שרעקליך איז אין איהם און אַרום איהם, און די שאָטענס פון דער נאַכט קוקען אויף איהם און רייצען זיך מיט איהם, און ער קוקט אויף זיי, זיין אויג רוהט אויף איין איינציגען פונקט, און פון די שאָטענס רוקט זיך אַרויס עטוואָס פלאַטערנדעס, ווי אין תכריכים איינגעוויקעלט. אַלעס ציטערט אין איהם, אין האַרצען איז אַוועהטיג און די קרעפטען שווינדען...

אברהם איז געווען אַ איינגעהער אין דעם „גביר'ס" הויז, ווייל זיין איידים האָט אויסגעשריבען יודישע צייטונגען, וועלכע אברהם האָט זעהר גערן געלעזען. דער איידים האָט ליעב געהאַט רעדען פון אַלעס מיט נגיד'שער ברייטקייט; אַלע מיניסטער און געזאַנדשאַפטער, די גאַנצע פּאָליטיק פון אָנהייב ביז סוף איז איהם תמיד נישט געפעלען. היינט איז ער גלאַט בייז געווען אויף די גאַנצע נייע בעוועגונג אין דעם יודישען פאָלק. ס'איז נישט, וואָס יודען לאָזען מען זאָל פון זיי רעדען, טרעטען אויף ברמה, מאַכען קאָנגרעסען־שמאַנדרעסען, גלייך ווי אַלע אַנדערע פעלקער. ווי קומט אַ יוד דערצו? אַ יוד דאַרף וויסען זיין מקום און נור צוזעהן, אַז מען זאָל פון איהם רעדען וואָס ווייניגער. און דער גביר האָט געהערט זיין איידים'ס חכמה און גראָב געוואָרען פון נחת: „ער האָט פון זיין מויל די ווערטער אַרויסגענומען". אברהם האָט געהערט און געשמייכעלט, ער האָט איבער די זאַכען זיינע אייגענע געדאַנקען געהאַט...

* * *

אַז אברהם האָט דאָס ערשטע מאָל געלעזען פון אַ יודישען קאַפּיטאַן דרייפוס, וואָס ער איז פער'משפט געוואָרען, ווייל ער איז געווען אַ שפּיאָן, האָט ער געפיהלט ווי אַ פערדרוס. די מעשה איז ניט געווען גאָר אַ שענע. „כל ישראל ערבים זה בזה" — אַ נס, וואָס דאָס האָט זיך געטראָפען אין דעם היינטיגען יאָהרהונדערט. וואָלט דאָס געטראָפען אין ימי־הבינים, אי וואָס פאַר אויסגעריסענע צרות האָבען געקענט נעביך האָבען יודען פאַר אַזאַ זאַך. אָבער וואו זענען פריהער גאָר געווען יודישע אָפיצירען? דרייפוס איז איהם אַ לאַנגע צייט פון קאָפּ ניט אַרויס...

און מיט אַ מאָל איז געוואָרען אַ רעש אויף דער וועלט: דרייפוס איז נישט שולדיג. אברהם'ען איז די מעשה שטאַרק אַריין אין נאָז. ס'איז עפּיס דאָ נישט גלאַט. ער האָט אָנגעהויבען טיעפער נאָכדענקען איבער דער גאַנצער מעשה און ס'איז איהם געוואָרען אַ סך קשיות. די פראַנצויזען זענען דאָך זעהר געבילדעטע מענשען, קלוגע, מיט גוטע קעפּ, וואָס האָבען זיי פאַר אַ אינטערעס געהאַט נעמען אַ אונשולדיגען יוד און גלאַט אין דער וועלט אַריין מאַכען פאַר אַ שפּיאָן און אַזוי האַרט בעשטראָפען? אלא וואָס־זשע דען? דרייפוס איז שולדיג, איז אויך אונגלויבליך. אַ יוד האָלט אַלע מאָל פאַר זיין מלוכה, אַ יוד וועט ניט פערקויפען זיין לאַנד פאַר קיין געלד, און בפרט דרייפוס איז, אין גוטען מוטה, אַ גרויסער גביר געווען, אויף וואָס האָט ער געדאַרפט דאָס געלד?

און יעדער טאָג האָט ווייטער נייעס געבראַכט. ס'איז אימער קלאָרער געוואָרען, אַז דרייפוס איז נישט שולדיג, אַז עס איז אינגאַנצען אַ בלבול. נאָר וואָס האָט געקענט דרייפוס אַזוינס טהון? פאַר וואָס האָט ער זיך פערדיענט אַזוינע שונאים? אברהם האָט צעבראָכען זיך דעם קאָפּ, ער האָט נישט געקענט זיך אויסקעהרען...

איינמאָל האָט ער דעריבער געשמיעסט מיט מאיר'ן. לייבע דער ינן איז אויך געזעסען פון ווייטען און זיך צוגעהערט, וואָס קליגערע מענשען רעדען.

— אָבער, ר' אברהם - האָט מאיר געזאָגט, קוקענדיג פערוואונדערט אויף דעם חזן — וואָס נעמט איהר זיך דרייפוס'עס געשיכטע אַזוי צום האַרצען? דרייפוס אַהין, אַהער, וואָס קענען מיר דאָ העלפען? וואָס האָט דאָס פאַר אַ שייכות צו אונז?

— איהר זאָלט דאָס זאָגען, ר' מאיר — האָט געענטפערט אברהם — די מעשה האָט צו אונז אַ שטאַרקע שייכות. ווי פערשטעהט איהר אַזאַ פּשוטע זאַך נישט? דער כלל־ישראל איז אין סכנות, עס הויבט אָן מיאוס ווערען אויף דער וועלט, גאָר מיאוס. עס קומען אָן שלעכטע צייטען, בייזע צייטען...

— קינדערשע געדאַנקען, פּאָליטיק! — האָט געזאָגט מאיר און געשמעקט אַביסעל טאַביק — וואָס פאַר אַ מין סמיכות־הפרשה צווישען דרייפוס און דעם כלל־ישראל? יודען דאַרפען נעביך פרנסה, עס פעהלט ברויט — מאיר האָט געגעבען אַ זיפץ — היינטיגע וואָך זענען ווייטער

אַוועק געפֿאָהרען אַ פּאָר בַּעֲלֵי־בָּתִּים אין אַמעריקאַ. דער עוֹלָם צופֿאָהרט זיך אין דער שְׁמִיש זאָל שטאַרבען פֿון הונגער... לייבע! וואָס זאָגסטו?

— איך האָב אויך הֶיזֵק געהאַט. גוטע בַּעֲלֵי־בָּתִּים, האָבען גדאַרפֿט אַ סַך וואַסער...

אברהם האָט מיט כַּעַס געריסען איינציגע האָר פֿון באָרד.

— איהר האָט קיין פֿאַראיבעל נישט — האָט ער געזאָגט מיט אַ אונרוהיגער שטימע — הֲמוֹן־עָם בלייבט הֲמוֹן־עַם. פַּרְנָסָה רַק פַּרְנָסָה! דרייפֿוס איז אונז אפשר מעהר, שטאַרק מעהר נוֹגֵעַ ווי פַּרְנָסָה. דרייפֿוס— בין איך, זענט איהר, און דער גאַנצער כְּלַל־יִשְׂרָאֵל — אברהם האָט שטאַרק געקנייטשט דעם שטערן און זיינע אויגען זענען געווען פֿינסטער ווי די נאַכט — לייבע, וואָס זאָגסטו? וואָס האַלטסטו פֿון דרייפֿוס'ען?

לייבע האָט אין אַזוינע הויכע עִנְיָנִים זעהר וועניג פֿערשטאַנען. פֿון דרייפֿוס'עס מַעֲשֶׂה האָט ער געהערט. אין זיינע אויגען איז דרייפֿוס זיכער געווען שולדיג. נישט אומזיסט איז ער 25 יאָהר זעלנער געווען. האָט איינמאָל מיליטער־געריכט געזאָגט שולדיג, איז ער שולדיג. דאָ העלפֿען נישט קיין טַעֲנוֹת. נאָר לייבע האָט מוֹרָא געהאַט צו זאָגען דאָס אברהם'ען. ער האָט נישט געוואָלט אָפּ־עסען דאָס האַרץ. ער האָט ווי פֿאַר זיך געמורמעלט:

— אַ אָפֿיציר קען אַ גרויסע טוֹבָה טהון, אַז ער וויל. אַ אָפֿיציר איז אַ גרויסע זאַך.

דער געדאַנק איז אַריין אברהם'ען אין מוֹחַ. זעהר אַ וואוילער איינפֿאַל. דרייפֿוס האָט אַפְּנִים טוֹבוֹת געטהון יודען, ער האָט זיך אפשר מוֹסֵר־נֶפֶשׁ געווען פֿאַר יודישע זעלנער? ווער ווייס, אפשר האָט מען דערפֿאַר געהאַט צו איהם אַזאַ שִׂנְאָה?

אברהם האָט גענומען לייבען פֿאַר דער האַנד.

— זעהסטו, פֿאַרשטעהסט דאָך אויך אַ עִנְיָן. דרייפֿוס האָט טוֹבוֹת געטהון יודען. איצטער פֿערשטעהט איהר שוין ביידע, וואָס דרייפֿוס'עס מִשְׁפָּט בעדייטעט? דאָס הייסט אַוַדַאי: מען דאַרף פֿאַר יודען זיך ניט שטעלען, מען דאַרף זיי קיין טוֹבוֹת נישט טהון, מען דאַרף איבערהויפּט נישט יודישע אָפֿיצירען. אָרים זאָל דער יוד בלייבען, ער טאָר נישט האָבען קיין מאַכט, קיין ווערטה. אברהם האָט זיך פֿערטיעפֿט אין זיינע געדאַנקען. אוים, אוים איז אויך מיט איהם, מיט אברהם'ען... עס ווערט שלעכט אומעטום דעם יוד. אין בֵּית־מִדְרָשׁ מוז ער בלייבען זיצען, אין דער שלימ־מַזָל'דיגער פּיציקע... וואוהין לויפֿען? וואו איז בעסער?

(פֿאָרטזעצונג קומט). ה. ד. הורוויץ

---

# דִי פַאמִילְיֶען־פַּאפִּיעֶרֶען.

אָדער

## זכרונות פֿון דוד המלך'ס פֿאַמיליע.

### פֿון א. ש. פֿריעדבערג.

(פֿאָרטזעטצונג).

פֿון דעם קרעזוס ווערד פֿאָלגענדע מערקווירדיגקייט ערצעהלט:

ער איז געווען זעהר אַ מעכטיגער קעניג, זיין לאַנד איז געווען גענוג גרויס, און זיינע אוצרות האָבען גאָר קיין שִׁיעוּר ניט געהאַט. דעריבער איז ער ביי זיך זעהר שטאָלץ געווען און האָט זיך געהאַלטען אַז נאָך אַזאַ גליקליכער מאָנאַרך ווי ער, איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ. איינמאָל קומט צו איהם צו גאַסט דער בעריהמטער פֿהילאָזאָף זאָלאָן, דער גרויסער געזעטצגעבער פֿון דער גריעכישער הויפּטשטאָדט אַטהען. קרעזוס ווייזט איהם זיינע גרויסע שעטצע און בעריהמט זיך פֿאַר איהם מיט זיין אונגעהייערען רייכטהום און פֿרעגט איהם, אויב ער האָט נאָך אַזוי אַ גליקליכען מענשען אין דער וועלט געזעהן? זאָלאָן אָבער איז פֿון די אַלע זאַכען גאָר ניט נִתְפַּעֵל געוואָרען, און ער ענטפֿערט איהם אויף זיין פֿראַגע, אַז גליקליך קען זיך קיין מענש ניט רעכנען כָּל־זְמַן ער לעבט, דען ער קען גאָר ניט וויסען וואָס פֿאַר אַ סוֹף ער קען נאָך האָבען. דעם קעניג האָט די תְּשׁוּבָה זעהר פֿערדראָסען, ער האָט זי געהאַלטען פֿאַר נאַריש און האָט מיט זאָלאָן מעהר קיין וואָרט גערעדט. אָבער באַלד האָט ער צו זיין גרויס לייד זיך ערומגעזעהן וואָס פֿאַר אַ חָכָם דער מאַן איז געוועזען. גאָר אונערוואַרטעט האָט אָנגעהויבען זיין הויכער מַזָל צו זינקען און פֿאַלען. זיין זוהן, דער קראָנפּרינץ, איז געהַרְגֶ'ט געוואָרען אויף דער יאַגד. עס איז איהם נור געבליבען אַ צווייטער זוהן וואָס איז געווען שטום און טויב. דאַמאָלס האָט זיין מְלוּכָה און רייכטהום שוין פֿערלאָרען ביי איהם דעם ווערטה, דען ער האָט קיין רעכטען יוֹרֵשׁ ניט מעהר, איהם אַלעס איבערצולאָזען נאָך זיך. אָבער נאָך אַ גרעסער אונגליק האָט איהם אליין געטראָפֿען אין דער מלחמה מיט כּוֹרֶשׁ'ן. ער האָט אַ גרויס חיל געזאַמעלט, און איבערגעגאַנגען די גרענייץ אָנצופֿאַלען אויף פּרס. דאָרט טרעפֿט ער כּוֹרֶשׁ מיט זיין חיל, מען האָט זיך אַ גאַנצען טאָג געשלאָגען, עס זענען פֿון ביידע זייטען פֿיעל מענשען געפֿאַלען, אָבער קיינער האָט די מלחמה ניט איינגענומען. יעדער איז געבליעבען פֿעסט אויף זיין אָרט שטעהען. ביי נאַכט איז קרעזוס מיט זיין חַיִל שטיל אָבגעטרעטען, און ביי זיך בעשלאָסען, אַז ער וועט איצט אַ גאַנץ יאָהר זאַמלען חַיִל מעהר און מעהר, און דאַן ווידער אריבער די גרענייץ און זיך מיט כּוֹרֶשׁ'ן אָבּ־רעכענען. כּוֹרֶשׁ האָט אָבער אַזוי לאַנג ניט געוואַרט, און קוים איז קרעזוס צוריקגעקומען אין זיין הויפּטשטאָדט אורדעס, פֿאַלט כּוֹרֶשׁ מיט זיין חיל פּלוצלינג אָן אויף דער שטאָדט און נעהמט זי מיט גרויס גבורה איין. דאָס חיל האָט צווישען די איינוואָהנער אַ גרויסע שחיטה געמאַכט און קרעזוס ווערד געפֿאַנגען פֿאַר כּוֹרֶשׁ געבראַכט. אים ערשטען צאָרן הייסט כּוֹרֶשׁ מען זאָל איהם לעבעדיג פֿערברענען. באַלד ווערד פֿיעל האָלץ צוזאַמען געטראָגען, קרעזוס געבונדען דאַרויף געשטעלט. קרעזוס איז אַזוי צעמישט און צעדולט געווען פֿון זיין אונגליק אַז ער האָט אליין ניט געפֿיהלט וואָס מען טהוט דאָ מיט איהם. ער האָט אָבער בעמערקט אַז די פּערזישע זאָלדאַטען לעגען פֿייער אינ'ם האָלץ און דער רויך שטייגט שוין אויף, ערוואַכט ער פּלוטצלינג און שרייעט אויף מיט שרעקליכער שטימע: „אַך, זאָלאָן! זאָלאָן! זאָלאָן!".

כּוֹרֶשׁ, וועלכער שטעהט דערביי, פֿערוואונדערט זיך אויף דעם שרעקליכען אויסרוף, הייסט איהם תֵּיכֶף פֿון שייטערהױפֿען (קאָסטיאָר) אַראָבנעהמען און פֿאַר איהם ברענגען. ער פֿרעגט איהם וועלכען נאָמען האָט ער דאָ אויסגערופֿען, און קרעזוס זאָגט איהם מיט אַ ציטערנדער שטימע, וועלכע תְּשׁוּבָה ער האָט געהאַט פֿון דעם בעריהמטען חָכָם, אַז ער האָט זיך פֿאַר איהם בעריהמט מיט זיין גליק. כּוֹרֶשׁ איז געוואָרען דערפֿון זעהר גערירהט, ער האָט בערעכענט ביי זיך, אַז ער אליין איז אויך ניט מעהר ווי אַ מענש, און ווער ווייס וואָס מיט איהם קען נאָך געשעהן. און דאָס האָט איהם בעוועגט קרעזוס דאָס לעבען צו שענקען און איהם ביי זיך צו ערהאַלטען — אָבער זיין לאַנד האָט ער צוגענומען, און דערמיט זיין מְלוּכָה און זיין כֹּחַ נאָך מעהר פֿערגרעסערט.

---

קוים האָט כּוֹרֶשׁ זיין שמיעס מיט דעם געפֿאַנגענען קרעזוס געענדיגט, קומט צו איהם זיין ערשטער פֿעלדהערר (גענעראַל) דריוש היסטאַספּעס, און מעלדעט איהם, אַז איינער פֿון זיינע גרעסטע העלדען איז טעדטליך פֿערוואונדעט, ער האַלט ביים שטאַרבען, און ער בעט דעם קעניג ער זאָל זיך מיט איהם באַלד זעהען, דען ער האָט איהם זעהר אַ וויכטיגע זאַך צו זאָגען. כּוֹרֶשׁ געהט זאָגלייך מיט דריוש צו זעהן דעם שטערבענדען העלדען און זיין וואונש צו ערפֿילען.

דער העלד, וועלכער האָט גרויס גְבוּרָה אין דער מִלְחָמָה בעוויעזען און דערפֿאַר מיט זיין לעבען בעצאָהלט, איז געוועז — מיין פֿאָטער!

זינט ער איז אַיינגעטרעטען אין היל פֿון פּרס, האָט ער אַלי'ן געזוכט אַ געלעגענהייט דעם מעכטיגען כּוֹרֶשׁ צו זעהן און מיט איהם זיך אויסצורעדען. די געלעגענהייט איז איצט געקומען, ווען ער האָט שוין ניט מעהר געהאַט צו לעבען.

ווי כּוֹרֶשׁ מיט דריוש זענען צו איהם געקומען, האָט ער זיך מיט פֿיעל אָנשטרענגונג אויפֿגעזעטצט אויף זיין שטערבע־לאַגער, און

דערצעהלט כורש'ן אַז ער איז פֿון יודישער קעניגליכער פֿאַמיליע, פֿון די געפֿאַנגענע אין בבל, וואו ער האָט געהאַט אַ גרויסע שטעלע, נאָר וועיל ער האָט דערמאָהנט פֿון דער נבואה וועלכע געפֿינט זיך ביי יודען אויף דעם קעניג כורש, האָט מען איהם מיט חֶרְפָּה פֿון בבל אַרויסגעיאָגט, און זיין זוהן און זיין גאַנצע פֿאַמיליע און נעהנטסטע פֿריינד זענען פֿערשיקט אויף קאַטאָרגע און אַרבייטען אַן דער פֿעסטען מויער פֿון בבל אויף דער גרעניץ פֿון מדי.

כורש האָט די ווערטער ניט פֿערשטאַנען, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ מִין נְבוּאָה, וועלכע געפֿונט זיך ביי יודען; ווענען איהם, און האָט פֿערלאַנגט פֿון מיין פֿאָטער ערקלערונג.

מיין פֿאָטער בעט דעם קעניג אַרונטערלעגען די האַנד אונטער זיין קאָפּ־קישען און פֿון דאָרט אַ יודישע שריפֿט אַרויסנעהמען. דאַן זאָגט ער איהם: „בעפֿעהל מען זאָל פֿאַר דיר ברענגען אַ יודען פֿון זאַרדעס, וועט ער דיר פֿאָרלעזען דאָס וואָס דאָ איז געשריבען. די שריפֿט איז ווענען דיר. דאָס זענען ווערטער פֿון יודישע נביאים, וועלכע רופֿען דיך אינ'ם נאָמען פֿון אונזער גאָט, דו זאָלסט געהן איינגעהמען בבל, דענן גאָט וועט דאָס לאַנד אין דיין האַנד געבען, און דו וועסט זיין פֿאָלק פֿון גָלוּת בעפֿרייען".

כורש נעהמט די שריפֿט צו זיך. מיין פֿאָטער האָט געפֿיהלט אַז עס געהט מיט איהם שוין צו ענדע, האָט ער איינגעשטרענגט זיינע לעטצטע קרעפֿטען און בעשוואָרען דעם קעניג מיט זיין פֿעלד־הערערן זיי זאָלען איהם גנעדיג זיין, און זיין זוהן בעלאָהנען פֿאַר דעם וואָס ער האָט זיי זיין לעבען צום אָפּפֿער געבראַכט.

מעהר האָט ער שוין קיין וואָרט נישט געקענט רעדען, און נאָך אינ'ם זעלבען טאָג איז איהם אויסגעגאַנגען די נשמה.

מען האָט איהם מיט גרויס כבוד בעגראָבען. כורש און אַלע זיינע פֿעלדהערערן מיט דער גאַנצער סוויטע זענען נאָכגעגאַנגען נאָך דער לְוָיָה ביז מען האָט איהם בעגראָבען אויף דעם יודישען בית־עלמין אין זאַ־דעס.

---

צוויי יאָהר שפּעטער איז כורש מיט זיין חיל אַריבער דעם טייך חִדֶקֶל, אַריין אין בבל אַ שטיק וויט פֿונ'ם מויער ביי'ם גרעניץ, אַזוי אַז די גאַנצע אַרבייט פֿונ'ם מויער האָט פֿאַר בבל קיין נוטצען געבראַכט. די ערשטע מלחמה איז געוועזען ביי דער אַלטער שטאָדט אַכּד, וועלכע ליענט אין צפון־זייט פֿונ'ם לאַנד. דער חיל פֿון בבל איז געשלאָגען געוואָרען, און כורש איז וויטער געגאַנגען ביז צו דער שטאָדט סְפַרְוָיִם, וועלכע ליעגט ביים טייך פְּרָת, און פֿון דאָרט האָט ער זיך צוגעגרייט צו געהען אויף דער הויפּטשטאָדט.

אַזוי איז דער צפון־זייט פֿונ'ם לאַנד בבל אין גאַנצען איינגענומען געוואָרען פֿון כורש'ן. די פֿעסטונגסמויער איז מְמֵילָא געבליעבען ביי איהם. זיין ערשטעס ווערק איז געוועזען אַלע קאַטאָרזשניקעס פֿריי צו לאָזען. קוים בין איך פֿריי געוואָרען, האָב איך תיכף געוואָלט געהן נאָך פּרס, אום מיינע טהייערע עלטערן צו בעזוכען — מיט איין מאָל קומען צו מיר איינינע פּערזישע זאָלדאַטען און פֿאָדערן מיך איך זאָל מיט זיי געהן צו זייער פֿעלדהערערן! דאָ האָב איך קיין ברירה געהאַט און מיט זיי געגאַנגען. אַלס איך שטעל מיך פֿאָר דעם גענעראַל, פֿרעגט ער מיך ווער און וואָס איך בין. איך ענטפֿער איהם אויף אַלעס. ער בעפֿעהלט מיר איך זאָל מיט איהם מיטגעהען. ווי גרויס אָבער איז געווען מיין ערשטוינען אַלס איך האָב בעמערקט אַז ער פֿיהרט מיך געראַדע צום קְעניגס קוואַרטיער!

דריוש שטעלטע מיך פֿאָר דעם קעניג כורש, וועלכער האָט מיך פֿריינדליך אויפֿגענומען, און מיר אַ העברעאישע שריפֿט פֿאָרגעלענט, איך זאָל עס איהם פֿאָרלעזען און ערקלערען דעם אינהאַלט. איך האָב בעטראַכט די שריפֿט און באַלד דערקענט אַז עס איז די נבואה פֿון ישעיה הנביא ווענען דעם סוף פֿון בבל, וועלכע וועט צו־שטערט ווערדען דורך כורש, ד ע ם ג אָ ט ע ס ג ע ז אַ ל ב ט ע ן, איך האָב איהם איבערגעזעצט דען גאַנצען אינהאַלט אויף כאַלדעאיש. כורש וועיזט מיר זיינע צופֿריעדענהייט דאַריבער און זאָגט צו מיר:

„געראַדע אַזוי האָבען עס מיר די יודען פֿון זאַרדעס איבער־געזעטצט אויף פּערזיש. איצט זאָלסט דו וויסען, אַז די שריפֿט האָב איך בעקומען פֿון דיין פֿאָטער, וועלכער האָט מיר טריי גדיענט און פֿאַר מיר זיין לעבען איינגעשטעלט אַלס מיר האָבען זאַרדעס איינגענומען.

— און וואָס מאַכט מיין ליעבער פֿאָטער איצט? — האָב איך געפֿרעגט ערשראָקען.

— ער איז אַלס גרויסער העלד אין דער מלחמה געפֿאַלען און אין דער הויפּטשטאָדט פֿון לידיען זיין יודישען קבר געפֿונען.

מיין הערץ ברעכט מיר דיעזעס הערענדיג. ווי אויך איך האָב מיך בעמיהט זיך איינצוהאַלטען פֿאַר'ן קעניג, אומזיסט, איך האָב אויסגעפּלאַצט מיט אַ גרוים געוויין. כורש און דריוש האָבען מיך זעהר בעדויערט, מיין שמערץ מיט־געפֿיהלט. ענדליך זאָגט מיר דער קעניג:

— הערע אויף! עס פּאַסט ניט פֿאַר אַ פּרינצען צו וויינען ווי אַ שוואַכע פֿרוי. זיי אַ מאַן און טרעט אין מיין חַיִל, דו וועסט מיר זיין אַנשטאַט דיין העלדישען פֿאָטער, און איך וועל צו דיר גוט זיין ווי אַ פֿאָטער — איך טראַכט ווירקליך גוטס צו טהון מיט דיר און מיט דיין גאַנין פֿאָלק. איך בין גרייט אייער גאָטס בעפֿעהל צו ערפֿילען, ווען ער וועט נור וואָרט האַלטען און מיר בבל איבערגעבען.

— אום פֿערצייהונג, גרויסער מאָנאַרך! — רופֿע איך, וויישענדיג מיינע טרעהרען — איך מוז דיר ליידער זאָגען, אַז ניט איך, און ניט איינער פֿון די יודען וואָס זיטצען אין בבל, וועלען די הענד הייבען געגען דאָס פֿאָלק, ביי וועלכען מיר האָבען זיך אויפֿגעהאַלטען, און געגען אַ לאַנד וועלכע האָט אונז צעהנדליגער יאָהרען געשפּייזט. אמת טאַקי מיר זענען פֿיעל צָרוֹת אויסגעשטאַנען פֿון דעם פֿאָלק און זיינע קעניגע, אָבער מיר האָבען אַ שטאַרקען גאָט אין הימעל, ער וועט זיך פֿאַר אונז רעכענען. איך וויל ניט לייקענען: פֿון בבל'ס מַפָּלָה וועלען מיר הֲנָאָה האָבען, דענן זי האָט עס כָּשֵׁר פֿערדיענט פֿאַר אַלעס בעזע וואָס זי האָט אונז אָנגעטהון. אָבער מיר זאָלען אַליין העלפֿען צו איהר מפּלה — דאָס בְּשׁוּם־אוֹפֶן ניט. בבל האָט אונז בעהאַנדעלט ווי שטיעפֿקינדער, אָבער אויך אויף אַ שטיעפֿמוטטער טאָר מען קיין האַנד ניט הייבען.

די אַנטוואָרט איז כורש'ן זעהר ניט געפֿעלען און ער זאָגט מיט פֿערדרוס:

— איך בין זיכער, אַז ווען דיין פֿאָטער וואָלט איצט פֿאַר מיר שטעהן ווי דו, וואָלט איך פֿון איהם גאַניץ אַנדערע ווערטער הערען. אָבער עס איז דיר צו ענטשולדיגען: די קאַטאָרגע האָט דיר דעם מוטה געבראָכען. אָבער זאָלסט וויסען: איך לעגע אין דיין האַנד דאָס גליק פֿון דיין גאַנץ פֿאָלק, און איצט טהו ווי דו ווילסט, איך האָב דאָס מייניגע געטהון, איך בין געגען דיין פֿאָטער יוֹצֵא, ווי באַלד אַז דו ווילסט מיר ניט דיענען.

די ווערטער האָבען מיין הערץ טיעף גערירהרט, איך האָב פֿיעל מיט מיר אַליין געשטריטען, ענדליך אָבער מאַכע איך מיר האַרץ און זאָג:

— ניין, מיין קעניגליכער הערר! איך קען עס בשום אופן ניט. איך קען אַזוי אַ געפֿאַהר ניט ברענגען אויף מיינע ברידער, וועלכע זיפֿצען אונטער'ן שווערען יאָך פֿון בבל, דען קוים ווערד בלשצר געוואָהר אַז אונזער פֿאַמיליע האָט זיך געשטעלט אונטער דיין פֿאָהן אַקעגען איהם, וועט ער הייסען אַלע יודען אין זיין לאַנד אויסטיליגען.

ביי די ווערטער שטעהט כורש צאָרניג אויף און וויל אַוועק־געהן אין אַ אַנדערן צימער. דריוש אָבער האַלט איהם צוריק און זאָגט:

ווען יודען קענען אַזוי זיך פֿיהרען געגען אַ קעניג וואָס אונטער־דריקט זיי אָהן רחמנות, ווי טריי מוזען זיי זיין געגען די הערשער וואָס טהוען זיי גוטעס! אַזאַ פֿאָלק וועט דיר זעהר צו נוטי'ן קומען, מיין טייערער הערשער, ווען דו וועסט זיי זייער לאַנד אַוועקגעבען. דו וועסט פֿון זיי האָבען אַ שטאַרקע שטיטצע, ווען דו וועסט דאַרפֿען קריעג פֿיהרען מיט מצרים, נאָכדעם ווי דו וועסט בבל איינגעהמען, דען דאָס יודישע לאַנד ליעגט געראַדע אין דעם טראַקט, צווישען בבל און מצרים.

— גרויסער מאנארך! — רוף איך אויס מיט בעגייסטערונג — שיק מיך וואהין דו ווילסט, שטעל מיך אין רעכטען פייער ביי יעדער מלחמה וואס דו וועסט פיהרען נעגען דיינע פיינד, דאן וועסט דו זעהן אויב איך בין וועניגער מוטהיג ווי מיין העלדישער פאטער. איך וועל דיר טריי זיין מיט לייב און זעעלע, פאר דיך מיין לעבען איינשטעלען אין פריידען, דען דו ביסט א געזאלבטער פון אונזער גאט, בעשטימט מיין פאלק צו בעפרייען. אבער מלחמה האלטען געגען בבל — דאס לאזט מיר מיין הארץ נישט. פיהר מוטהיג דעם קריעג געגען בבל, און אונזער גאט וועט דיר צו הילף זיין. מיר אבער מוזען פון וייטען שטעהן בלייבען, דען אזוי האבען מיר א נבואה פון זכריה הנביא (ד׳ ו׳) „לא בחיל ולא בכח, כי אם ברוח", דאס הייסט: ניט דורך קראפט, ניט דורך מאכט, — וועלען מיר זיך בעפרייען — נאר דורך דעם גייסט פון גאט.

— נו, איך וויל זעהען ווי דער גייסט פון אייער גאט וועט מיר דיענען. דערנאך וועל איך וויסען וואס מיט דיר און דיין פאלק צו טהון — זענען געווען די לעטצטע ווערטער כורש׳ס צו מיר.

איידער ער האט מיך ענטלאסען האט ער מיך בעשטעלט איין אויפזעהר צו זיין איבער די אבגאבען פון דער איינגענומענער פראווינץ, און איך זאל דאהער וואהנען אין ספרוים, די הויפטשטאדט פון יענער געגענד. דארט האב איך מיך בעזעצט מיט מיין גאנצער פאמיליע. איך האב אויך מיין מוטער די אלמנה צו מיר געבראכט. און אזוי ערווארטעטען מיר מיט געדולד און האפנונג די נאכריכטען פון כורש׳ס חיל, וועלכער איז איצט געגאנגען אויף בבל, דען מיר ווייסען אז פון זייער נצחון הענגט אב די רעטונג פון אונזער פאלק און זיין ערלעזונג פון גלות בבל.

(פארטזעטצונג קומט).

# אויף דעם הויכען בארג...

אויף דעם הויכען בארג, אויף דעם גריגעם גראז
האב איך קינדהייז שטום אבגעטרוימט מיין גליק...—
וואס האב איך געוואלט? — כ׳ווייס אליין ניט וואס, —
כ׳ווייס נאר אז סע קומט קיינמאל מעהר צוריק . . .

אפשר ווייסט דער ווינט און דער וואגענשטראהל,
וועלכער מיר געשפריצט אין די אויגען נאלד,
און דער טיעפער טאהל און דער רייגער קוואל —
וואס מיין קינדערש הארץ האט זיך זא געוואלט. . .

אויף דעם הויכען בארג, אויף דעם גריגעם גראז, —
אך! צו קורץ ביזט־דו, קינדהייטס־טרוים, געווען;
אבגעגלאנצט אויף גיך ווי א זייפענבלאז
און געפלאצט זא גרינג - גלייך ווי ניט געשעהן!

און צו שווער צו לאנג איז געווען די נויט!..
ערגיץ אין א לאך — דארט בין איך ארוים
אויף דער ענגער וועלט באדען זיך אין קויט,
וואלגען זיך מיט בלוט, טרינקען זיך אין שוויים. . —

אוי, ווי שווער, ווי ענג! . . נאר דארט אויס דער שטאדט
אויף דעם הויכען בארג האב איך זיך דערפיהלט. . .
כ׳האב דארט שטילערהייד זיך געזעהן מיט גאט,
און מלאכים האבען זיך מיט מיר געשפיעלט.

פרייטאג, זומער־לעב — קוים דערלעבט די שעה!
פריי פון חדר־יאך ווערט די לופט מיר קארג:
ווער מיר מהר״ם־שיף! וואס מיר מהרש״א!
גיך אוועק אהין — אויף דעם הויכען בארג! . .

דארטען עפענט זיך נאר א נייע וועלט,
אלעס באדט זיך דארט אין א ים פון ליכט.
פון איהר „פוטערפאס" קוקט די זוהן און קוועלט
ווי דאס גרשיל וואכסט, ווי דער ווארים קריכט.

גאנצע וועלטען גייסט גיעסט אין מיר אריין
יעדער שטילער בלאז, יעדער וואגענשטראהל;
מיט דעם פולען מויל טרינק איך לופט און שיין,
און אין הארצען טיעף עפענט זיך א קוואל — —

טיעף, ווי אין דער הויך איז דער הימעל טיעף,
ריין, ווי אויף מיין קאפ איז דער הימעל ריין -·
דאך אויף שטום־לשון הערט זיך דארט א ריעף,—
זיין בעדייטונג איז א סוד פאר מיר אליין . . .

אוי, אהין, אהין . . . ערגיץ ווייט גאנץ ווייט . . . —
האט מיין קינדערש הארץ שטומערהייד געגלוסט
און אזוי געבייגקט . . . — וואו? אין וואסער זייט
שטעקט דארט מיין „אהין" ? — האב איך ניט געוויסט.

נאר די שוועלבעליך האבען יא געוויסט,
און אויף פויגעל־שפראך, פליענדיג פארביי,
האבען האפענדיג מיר פון דארט געגריסט
און אוועק־געשוועבט פרעהליך, פראנק און פריי.

אויף דעם הויכען בארג, אויף דעם גריגעם גראז
האב איך קינדהייז שטום אבגעטרוימט מיין גליק. . —
וואס איז דאס געווען? — כ׳ווייס אליין ניט וואס, —
כ׳ווייס נאר אז סע קומט קיינמאל מעהר צוריק. . .

ח. נ. ביאליק

## די יודישע וועלט.

עסטרייך. *** ווי עס איז בעקאנט האט די באראנעסע הירש ע״ה ביים לעבען געגרינדעט פאר גאליציען איין שטיפטונג פון 3 מיליאנען פראנק און אין דער צואה האט זי דער שטיפטונג פערשריבען נאך 2 מיליאנען פראנק, אזוי אז פון די ציגזען זאל מען פערווענדען די העלפט אויף גרינדען איין אר-בייטס-און ווירטשאפט-שולע פאר יודישע מיידליך. די שטיפטונג איז ניט לאנג ערשט פון דער ממשלה בעשטעטיגט געווארען און זי וועט באלד אנהייבען איהר טהעטיגקייט. פאר אזעלכע שולען זענען שוין אויף קאסטען פון דער באראנעסע געבויעט געווארען איניגע הייזער אין מעהרערע גאליצישע שטעדט, אין די שולען וועט מען אויפנעהמען: יונגע, קרעפטיגע מיידליך, וועלכע ווילען זיך אויסביל-דען אויף טיכטיגע דיענסטען; זיי וועלען דארט לערנען קאכען, וואשען, פרעסע נעהען און פערשידענע אנדערע הויז-ארבייטען. די פעהיגערע אין געשיקטערע וועלען אויך לערנען נעהען קליידער און וועש און פערשיעדענע מאשין-ארבייטען, דורך וועלכע זיי קענען זייער ברויט פערדיענען. די מיידליך וואס וועלען נור ווערען קעבינען און דיענסטען וועלען פערטיילט ווערען אין בעלי-בתי׳שע הייזער, וואו זיי וועלען זיך פראקטיש איינאיבען אין אלע הייזליכע ארבייטען דעם גאנצען פארמיטאג און נאכמיטאג וועלען זיי לערנען ביי נעהטארינס, נעהען א. ד. ג. אבענדס וועלען זיי לערנען לעזען און שרייבען. מען וועט זיך אויך בעשטרע-בען צו גרינדען פרויען קאמיטעטען וועלכע זאלען פיהרען די אנגעלעגענהייטען פון די שולען. עס איז צו האפען אז די שולען וועלען ברענגען גרויסען נוטצען פיר יודישע מיידליך פון די ארומסטע קלאסען, און זיי זיכערען א בעסערע צוקונפט.

*** פון טריעסט שרייבט מען דער „וועלט" א גוטע בשורה, אז היינ-טיגס יאהר זעהט דער אתרוגים-מארק גאנץ אנדערש אויס ווי אלע אנדערע יאהרען ביז איצט פלעגט מען אין דעם גרויסען גערודער אויפ׳ן טריעסטער מארק נור צו זעהן א מאסע יודען וועלכע זענען געקומען קויפען אתרוגים ביי גרע-קען און דאס יאהר זענען קיין טרעסט געקומען אזעלכע יודען וואס האבען צו פערקויפען אתרוגים, אייגענע, וועלכע זיי האבען אליין מיט אייגענע הענד געפלאנצט, אין זייער אייגענעם גארטען געריסען. דאס זענען יודישע קאלאניסטען פון ארץ ישראל וועלכע מאכען היינטיגעס יאהר גוטע געשעפטען אין טריעסט, הגם זייער סחורה איז אביסעל טייערער ווי די גריעכישע. דער שרייבער דער-מאנט די מיהע וואס האט ביז איצט געקאסט די חיבבי ציון, איבערהויפט דעם גאון ר׳ שמואל מאהילעווער זצ״ל. אז יודען זאלען שוין אמאל אויפהערען צו ניטצען די „קארפו׳ער ממזרים" און ליעבער מקיים זיין די מצוה פון אתרוג-

בענשען מיט א אמת יורישען אתרוג. ליידער האט מען ווי ביז איצט נור ווייניג געהערט, און עס פרעהט אונז צו הערען, אז מען האט אנגעהויבען צו דערקענען די פפליכט וואס מיר האבען קעגען די אתרוגים פון די יורישע קאלאניעס אין ארץ-ישראל.

*** אין ברין איז פאר 2 וואכען געווען א גרויסע אסיפה פון יורישע האנדעלס-געזילפען, משרתים, בוכהאלטער א. ז. וו. צו וועלכער עס זענען געקומען דעלעגאטען אויס 22 עסטרייכישע שטעדט. די אסיפה איז זעהר וויכטיג, ווייל ביז איצט האט דער יורישער האנדלונגס-געהילפע געמיינט, אז זיין גאנצע האפנונג איז דער סאציאליזם, ד. ה. זיך אריינמישען אין פרעמדע פארטייען וועלכע דולדען איהם נור אזוי לאנג זיי דארפען איהם האבען ער זאל זיי העלפען, שרייען, קעמפפען. אין דער צייט וואס א טהייל פון אונזער אינטעליגענץ, די יוגענד פון גימנאזיען און אוניווערזיטעטען האט שוין לאנג אויפגעהערט צו ערווארטען די ישועה פון יודען זאל קומען דורך פרעמדע און האט זיך שוין איבערצייגט, אז דער יוד האט זיך אויף קיינעם נישט צו פערלאזען נאר אויף זיך אליין — האבען די יורישע האנדעלס-אנגעשטעלטע פון יודענטום נישט געוואלט וויסען און האבען שטארק פראיבעל געהאט, ווען זיי האבען געהערט רעדען פון יודישער נאציאנאליטעט. אויף דער אסיפה אין ברין איז געגרינדעט געווארען א „צענטראל פערבאנד פיר יודיש נאציאנאלע ציוניסטישע האנדלונגסגעהילפען אין עסטרייך" וועלכער האט א פאלקאמען ציוניסטיש פראגראם.

רוסלאנד. *** לויט ווי די צייטונגען שרייבען, האט דער מיניסטער פון ערד-ארבייט בעשטעטיגט צו גרינדען נאך דריי נייע שולעס אין די יודישע קאלאניעס פון יעקאטערינאסלאווער גובערניע: אין באגאדאראווקא, זולאנע-פאליע און מעזיריטש. אויף יעדער שולע וועט מען געבען צו 4500 רובעל.

— ביז דער לעצטער צייט האבען די מענשען, וועלכע האבען געענדיגט די מיטעלע טעכנישע שולעס אין רוסלאנד אדער אין אויסלאנד, געהאט שוויריגקייטען ביים בעזעצען זיך אין רוסישע גובערניעס וואו יודען איז ניט ערלויבט צו וואהנען. יעצט אבער האט דער מיניסטער דעם אינערען ערקלערט אז לויט געזעץ פון 28 יוני 1865 האט יעדער מייסטער און יעדער מעחאניק דאס רעכט צו וואהנען אין גאנץ רוסלאנד, זיי בעדארפען נור פארשטעלען א צייגנים פון די פאבריקאנטען און מייסטערס וועלכע זיי האבען געלערנט אדער געארבייט יזן די צייגנים זאל זיין בעשטעטיגט דורך דער פאליציי.

— דער סענאט האט ערקלערט, אז א יוד וואס דינט ביים אייזענבאהן און דאדורך זיצט ער אין דארף, וואו ס'איז די סטאציע אדער דער ווארשטאט פון דער באהן הייסט עס ניט וואהנען דארט און דאס איז ניט פערבאטען. די ערקלערונג איז ארויסגעקומען דורך דעם משפט פונ'ם יודען חיים בער עפעלבוים, וועלכען דער ווילנער גובערנאטאר האט ניט ערלויבט צו זיצען אין דער סטאציע זראלבונאווא, וואו ער דינט שוין פון יאהר 1874 אלס העלפער פון א מאשיניסט ביי דער באהן. דער סענאט האט איינגעזעהן אז עפעלבוים דינט אלס מאשיניסט ביי דער יוגא-זאפאדנער באהן, און דאס וואס ער זיצט אויף בעפעהל פון דער אייזענבאהן אין דארף זראלבונאווא הייסט נאך ניט וואהנען שטענדיג אין דארף, און מען מעג איהם מיט דער פאמיליע לאזען דארט זיצען כל-זמן ער באהן וועט איהם דארט געברויכען. על-כן האט דער סענאט געשיקט א בעפעהל צום גובערנאטאר, מען זאל דעם יודישען מאשיניסט לאזען זיצען רוהיג אויף זיין ארט.

— ווייטער האט דער סענאט געקלערט, אז אויף די ספרים און כלי-קודש פון א שול קען מען ניט לעגען קיין ארעסט פאר א חוב. דער פאקט איז פארגעקומען אין ווילנא. דארט האט א הויזבעזיצער (און דוקא א יוד, בעונותנו הרבים!) געלעגט איין ארעסט אויף כלי קודש פון דער שניידער-שול וואס איז געווען ביי איהם אין הויז. די שניידער האבען אנגעגעבען צום סענאט און דער האט געשיקט א בעפעהל אז אויף הייליגע זאכען, וואס קעהרן צו גאטס-דינסט, טאר מען ניט לעגען קיין ארעסט.

— די יודישע איינוואהנער פון ראסטאוו ווילען מאכען צום עביגען אנגעדענקען פון דעם פערשטארבענעם קראנפרינץ געארג א צדקה זאך: שטעלען אין יודישען שפיטאל א בעטיל וואס וועט הייסען אויפ'ן קראנפרינצס נאמען, און אויסהאלטען דעם קראנקען פון יענעם בעטיל אומזוסט, סיי יוד סיי קריסט. אויסהאלטען דאס בעטיל וועט קאסטען טויזענד רובל, און דאס געלט וועט מען נעהמען פון ליכט שטייער (קארעבאטשני סבאר).

— דער בעקאנטער מיליאנער ה' לעוו בראדסקי, וועלכער איז געהערטער אויפזעהער פון אדעסער רעגירונגס שולע פיר מערכען, זעהענדיג אז אין דער שולע איז ניטא קיין פלאץ פאר אלע מערכען וואס ווילען דארט לערנען, האט ער געקויפט ביי דער שולע א גרויסען פלאץ פאר 40.000 רובל און דארט וועט ער לאזען בויען א עקסטרע געביירע, וואו ס'וועלען קענען אריין ביז 600 שילערינס. אין גאנצען וועט איהם די נייע שולע קאסטען ביז הונדערט טויזענד רובל.

— צו געבען א בעגריף וויפיעל געלט די טאקסע זויגט אויס ביי אונזערע ארימע ברידער ווילען מיר ברענגען עטליכע סטאטיסטישע ציפערן פון קיעווער גובערניע. אין דער דאזיגער גובערניע בעטרעפט די טאקסע היינטיגעס יאהר נ"ט ווייניגער ווי 263,614 רובעל! א חוץ דעם איז נאך די אבצאהלונג פון ליכט (קארעבאטשני סבאר), צו אויסהאלטען די יודישע שולעס. זי בעטרעפט אויך א גאנץ אנשטענדיגע סומע — 30,270 רובל. אין גאנצען געפינען זיך יודען מאנספארשוינען אין די 112 געמיינדעס פון קיעווער גובערניע 160,824

— אין די לעצטע פאר וואכען זענען ווידער געווען גרויסע שרעקליכע שרפות אין יודישע שטעדט און ס'זענען צוגעקומען עטליכע טויזענד פרישע קבצנים. דעם 12 (24) יולי האט אין מיטען טאג אויסגעבראכען א פייער אין פרוזשאני (גראדנער גוב') און אין פערלויף פון דריי שעה זענען ביז דריי הונדערט הייזער פערברענט געווארען, דארונטער 3 בתי מדרשים מיט אלע ספרים. ביז אכט הונדערט פאמיליען, אלע יודישע, זענען געבליבען הויל און נאקעט. דער שאדען בעטרעפט ביז א האלב מיליאן. כמעט אלע הייזער זענען ניט געווען אסעקורירט. — אין דער זעלבער צייט איז דאס גאנצע שטעדטיל פאשוויטין, שאוולער בעצירק, פערברענט געווארען, עס איז קיין איינציג הויז ניט געבליבען. די גאנצע קהלה איז אין דריי שעה געווארען בעטלער, אהן ברויט און אהן א דאך אויפ'ן קאפ. — דעם 2: יולי איז אויסגעבראכען א שרעקליך פייער אין גראדנא. ביי טאג זייגער צוויי איז ארויס א פייער ניט ווייט פון מרחץ און באלד זיך געווארפען אויף די נאהענטע גאסען און אין עטליכע שעה זענען געווארען צו אש עטליכע הונדערט הייזער, 12 שולען מיט בתי מדרשים מיט זעלטענע ספרים און ספר-תורות, אויך די אלטע זעלטענע שול וואס דער גאון, פערפאסער פון „לבוש", האט אויסגעבויט פאר עטליכע הונדערט יאהר און אלע זענען געווען זיכער אז זי וועט ניט ברענען — האט דאס פייער אויפגעגעסען. טויזענדער מענשען זענען פערארעמט געווארען. — דעם 24 יולי, שבת צו נאכטס, איז א האלבע שטאדט גרינקישקי פארברענט געווארען; די נשרפים זענען קוים ארויס מיט'ן לעבען, ווייל די שרפה האט אויסגעבראכען ביי נאכט ווען אלע האבען געשמאק געשלאפען. צוויי טאג נאכדעם איז ווייטער א שרעקליכע שרפה אין אפאלע, א שטעדטיל אין ווילנער גובערניע. עס איז קיין איינציג הויז ניט איבערגעבליבען, ביז 500 יודישע פאמיליעס אונגליקליך.

— עס שוידערט דאס לייב שרייבענדיג אזא מגלה פון שרפות. און וואס וועט זיין דער סוף? קיין שטאדט איז ניט זיכער פאר'ן פייער און אז אונזערע ברידער זארגען ניט צו היטען זיך — זענען זיי אליין שולדיג ווען זיי בלייבען נאכדעם אהן א העמד. אין יעדע שטאדט געפינען זיך פערשיעדענע חברות מיט חברה'ליך, וואס קאסטען די איינוואהנער גענוג געלט. פאר וואס פארגעסט מען אבער צו מאכען א חברה וואס זאל שיצען דאס גאנצע פערמעגען א חברה צו לעשען פייער? פאר וואס געפינט זיך געלט אויף אלסדינג, נאר ניט אויף מאשינעס און פעסלעך מיט אנדערע כלים צו ראטעווען פון שרפות? עס איז שוין די העכסטע צייט. אונזערע ברידער זאלען איינזעהען וואו זיי האלטען אין דער וועלט און וואס זייער זיכערהייט, זייער לעבען פאדערט...

— דעם 26 מנחם אב איז אין ווילנא געשטארבען ד"ר בנימין פין, דער איינציגער זוהן פון דעם בעקאנטען יודישען געלעהרטען ר' שמואל יוסף פין זכרונו לברכה. 58 יאהר איז דער דאקטאר אלט געווען, און די שטאדט בעקלאגט שטארק זיין טויט, ווייל ער איז געווען א אויסגעצייכענטער מענש, איינער פון די פיהרער און גבאים פון ווילנא, געטהון זעהר פיעל גוטס, געזארגט פאר'ן תלמוד-תורה, פאר דער ארבייט שולע פון יורישע פאר קינדערן אזיל (פריוט) פון אלטע לייט א. ז. וו. ער האט זעהר געליבט די העברעאישע שפראכע און די יודישע ליטעראטור און זאגאר געשריבען זעהר וויכטיגע ארטיקלען אין העברעאיש — דער פערשטארבענער איז געוועזן זעהר רייך און דאס גאנצע פערמעגע האט ער איבערגעלאזט אויף ישוב ארץ ישראל, ד"ה צו בעזעצען יודען און מאכען פאר זיי קאלאניעס אין ארץ ישראל. דרייסיג טויזענד רובל האט ער איבערגעלאזט פאר'ן אזיל פון אלטע לייט.

— די ריינקייט פון א מרחץ אין א יורישער קהלה איז יעדען בעקאנט; יעדער ווייסט אז דאס איז על פי רוב ניט קיין ארט וואו א מענש קען זיך ארומוואשען און ווערען ריין, נאר פארקעהרט: זיך נאך מעהר פערשמיצען און זעהר אפט זאגאר בעקומען א אנשטעקענדע קראנקהייט. די אורזאכע דערפון איז, ווייל אין יעדער שטאדט איז דאס מרחץ א קהלשער, קיין פריוואט מענש טאר ניט בויען א באד פאר א געשעפט. קהל פארדינגט דאס מרחץ איינעם, וועלכער זארגט גאר ניט פאר דער ריינקייט און ארדנונג, נאר ער זעהט, זי זאל איהם ברענגען וואס מעהר פערדינסט. איצט אבער איז ארויס א ערקלערונג פון סענאט, וועלכע וועט געוויס מאכען א גרויס פערענדערונג צום גוטען. אין דער שטאדט פיעטריקאוו — לויט עס שרייבט די פוילישע צייטונג „קוריער צאדזיעני" — האט איינער, א פריוואט מענש, געוואלט בויען א באד און מאכען זיך א געשעפט דערפון, ווי געוועהנליך, האט די שטאדט איהם ניט דערלאזען, דאן האט ער זיך געווענדט צום סענאט און דיזע טעג איז אנגעקומען א ערקלערונג פון סענאט, אז קהל האט ניט קיין מאנאפאל אויף דער באד; יעדער ווער ס'וויל קען זיך בויען און מאכען א געשעפט דערפון; קיינער טאר איהם ניט שטערען.

— פון קאמענעץ-פאדאלסק בעשרייבט מען ווי אין פאדאליער ראיאן איז היינט צווישען יודען זעהר פערשפרייט געווארען דאס טאבאק-פלאנצען און בעארבייטען. פיעל יודישע פאמיליען בעשעפטיגען זיך מיט דעם, דינגען א שטיקעל פעלד, פלאנצען טאבאק און האבען גאנץ שיין פרנסה. זיי בעשעפטיגען זיך מיט דעם אליין, אהן פרעמדע הענט; אליין פלאנצען זיי, היטען, פילנעווען די בלעטער; אליין שניידען זיי, בינדען פעקלעך, זעצען אריף

אויף שטריקליך, טריקענען א. ז. וו. די יודען זענען געווען די ערשטע, וועלכע האָבען אין פּאָראָליען איינגעפיהרט די טאבאק-פּלאַנטאציעס; איצט טהוען זיי שוין נאָך פיעל פוירן, קריסטען, וואָס האָבען איינגעזעהן אז פּערזייען א פעלד מיט טאבאק ברענגט מעהר פערדינסט ווי פּערזייען מיט תבואה.

— פון שטעדטיל וואַרקליאַני (וויטעבסקער גוב.) שרייבט מען, אז די יודישע איינוואָהנער פון דאָ־טען, וועלכע האָבען ניט געהאַט קיין פרנסה, זענען געקומען מיט א ביטע צו דער פּערוואַלטונג פון מאָסקוי-ווינדאָווער אייזענבאַהן, וועלכע בויט זיך ניט וויט פון שטעדטיל, מען זאָל זיי צונעהמען צו דער ארבייט ביי דער באַהן. די פּערוואַלטונג איז מרוצה געוואָרען, און יעדען פריהמאָרגען געהן ארויס די שטאָדט-לייט גאַנצע מחנות צו דער באַהן און ארבייטען די שווערסטע ארבייט: שלעפּען משא, מאַכען גראָבענס, פיהרען טאַטשקעס מיט ערד אד"ג מלאכות. פאַר נאַכט געהען זיי אלע אויסגעהאָרעוועט צוריק אַהיים, אָבער דאָס הארץ איז זיי פרעהליך: אין שטעדטיל איז שוין לאַנג ניט געווען קיין אָרענטליך פערדינסט, יעצט אָבער האָבען זיי מיט וואָס צו ערנעהרען זייער הויזגעזינד.

— וואַרשויער יודישער שפּיטאַל האָט אָפּגעדרוקט א חשבון פון זיין בעשטאַנד אין פאָריגען יאָהר. די צאָהל פון קראַנקע, וואָס זענען אין יענעם יאָהר געלעגען אין שפּיטאַל, איז געווען 6084, דארונטער פיל קריסטען. געשטאָרבען זענען אין גאַנצען נור 8 פּראָצענט. איינקינפטע (הכנסות) האָט דאָס שפּיטאַל געהאַט 77,244 רובל; אויסגאַבען — 74,429 רובל. אויסער די שטענדיגע קראַנקע זענען אין פערלויף פון יאָהר געקומען פון דער שטאָדט 27,883 קראַנקע, פרעגען עצות ביי די דאָקטוירים און נעהמען רעצעפּטען.

*

דייטשלאַנד. *** ניט לאַנג האָבען פערשיעדענע דייטשע צייטונגען געבראַכט א ידיעה פון א געשפּרעך צווישען דעם יודישען געלעהרטען ד"ר ב ע ר ל י נ ע ר מיט דעם גראָסהערצאָג פון באַדען איבער צ י ו נ י ז ם. עס האָט אין דער ידיעה געהייסען אז דער גראָסהערצאָג האָט זיך שלעכט געאויסערט איבער דען ציוניזם און אייניגע יודישע בלעטער האָבען זיך באַלד אָנגעהאַפּט אין דער מציאה און האָבען דערפון געררונגען נאָך א בעוויז, אז זיי האָבען רעכט ווען זיי שרייבען קעגען ציוניזם. איצט ווענדעט זיך ד"ר בערלינער מיט א בריעף צו דעם „בערלינער טאַגבלאַט" און ערקלערט אז דאָס אלעס איז נישט אמת, פערקעהרט, דער גראָסהערצאָג האָט גאָר נישט געקענט אויסלויבען דעם כאַראַקטער פון ד"ר הערצל, וועלכער ווירמעט זיך מיט אלע קרעפטען צו אזא עדלער אויפגאַבע, צו שאַפען א געזיכערטע היים פאַר זיינע בעדרענגטע ברידער.

— אין ה א מ ב ו ר ג זענען ניט לאַנג אָנגעקומען 39 יודישע וואַנדערער, וועלכע האָבען זיך צוריק אומגעקעהרט פון לאָנדאָן. זייער אָרימקייט און עלענד איז זעהר גרויס. דאָס יודישע הילפסקאָמיטע האָט זיי דערווייל איינקוואַרטירט אין א לאָזשיר הויז, ביז מען וועט זיי קענען ווייטער שיקען.

*

פראַנקרייך. *** אין פאַריז מאַכט איצט גרויס אויפזעהען איין אויסשטעלונג פון שטאַטוען פון דעם יודישען קינסטלער ד"ר נ אָ ס ס י ג, ביז איצט איז נאָססיג נור געווען בעקאַנט אלס גרויסער פּאָלנישער ד י כ ט ע ר, אלס וויסענשאַפטליכער שרייבער און ביי יודען איבערהויפּט אלס געטרייער חובב ציון וועלכער ארבייט שוין זייט עטליכע יאָהרען פאַר ציוניזם און נאָך איידער ד"ר הערצל האָט געשריבען דעם יודענשטאַאַט האָט ד"ר נאָססיג געשריבען א בוך „איבער די לעזונג דער יודענפראַגע", וואו ער בעוויזט, אז דער ציוניזם איז די איינציגע הילף פאַר יודען. דאָס בוך איז פּאָלניש געשריבען און דעריבער איז עס גאָר וועניג בעקאַנט, מיט ד ע ר אויסשטעללונג איז די וועלט געוואָר געוואָרען אז נאָססיג איז נישט נור דיכטער און פילאָזאָף נאָר אויך זעהר א טיכטיגער קינסטלער אלס בילדהויער. אונטער די שטאַטוען געפינט זיך מעהרערע יודישע אין וועלכע דער קינסטלער האָט אויסגעגאָססען זיין גאַנצע יודישע געפיהלען, ווי צ. ב"ש: „יהודה המכבי", „שלמה המלך" און נאָך אַנדערע. צווישען די קליינע שטאַטוען זיינע איז אויך דאָ איינע פון ד"ר נ אָ ר ד ו י.

*** דער פּראָצעס דרייפוס איז נאָך נישט בעענדיגט. יעדער טאָג פון דער פערהאַנדלונג ברענגט איבערראַשענדע נייע טהאַטזאַכען וועלכע בעווייזען, וואָס פאַר ניעדערטרעכטיגע ליגען און שקרים דער פראַנצעזישער גענעראַלשטאַב האָט זיך בעדיענט אום דען יודישען קאַפּיטאַן פטור צו ווערען. עס האָבען אפילו מאַנכע אָפיציערע עדות געזאָגט צו דרייפוס'ס טובה אָבער די מייסטע גענעראַלע האַלטען זיך נאָך ביי זייערן, אז דרייפוס איז איין פעררעטהער און אז ס'איז נישט מעגליך אז איין אַנדערער אָפיציער האָט געקאָנט ויסען פון די אויסגעליעפערטע דאָקומענטען וועלכע זענען אויסגערעכנעט אין דעם באָרדעראָ (דאָס שטיק אויף וועלכען דרייפוס איז אָנגעקלאַגט געוואָרען). עס העלפט גאָר נישט, וואָס עס איז נאָכגעוויזען קלאָר אזוי ווי דער טאָג, אז דער באָרדעראָ איז געשריעבען מיט עסטערהאַזי'ס שריפט, אז עסטערהאַזי איז אליין מודה ער האָט דעם באָרדעראָ געשריעבען! חוץ דעם באָרדעראָ זענען, ווי ס'איז בעקאַנט, געווען געהיימע דאָקומענטען וועלכע זענען דעם ערשטען קריעגסגעריכט פאָרגעלעגט געוואָרען. אויף דיזע געהיימע דאָקומענטען האָבען די גענעראַלע ביז איצט געשוואָרען אז דרייפוס איז שולדיג. איצט וויזט

זיך אָבער ארויס אז דיזע דאָקומענטען זענען געפעלשט און מאַנכע פון זי וועלכע זענען נישט געפעלשט בעציהען זיך גאָר נישט אויף דרייפוס. מאַנכע דאָקומענטען האָבען אזא ניעדערטרעכטיגען שמוטציגען אינהאַלט, אז מען שעמט זיך זיי אין דער עפענטליכקייט פאָרצולעזען. א י י ן דאָקומענט, אויס וועלכען די גענעראַלע האָבען בעשולדיגט דרייפוס, איז געווען א בריעף פון דעם עסטרייכישען באָטשאַפטער ש נ י י ד ע ר, דער אָבערסט שניירער האָט תיכף, אזוי ווי דער גענעראַל מ ע ר ס י ע האָט געהערט פון דעם בריעף, טעלעגראַפיש בעריכטעט דעם קריעגסגעריכט, אז ער האָט קיינמאָל אזא בריעף נישט געשריעבען און אז דער בריעף איז געפעלשט. פון אזא ווערט זענען אלע אַנדערע בעווייזע אויף דרייפוס'ס שולד. דער גענעראַל מערסיע האָט זיך נישט געשעמט אלס בעוויז פון דרייפוס שולד צו דערצעהלען די לעכערליכע מעשה פון דעם סינדיקאַט (א געהיימע חברה) וועלכעס עקסיסטירט אין פערשיעדענע לענדער און האָט אויסגעגעבען 35 מיליאָנען פראַנק אויף בעפרייען דעם פעררעטהער. ווער עס האָט געגעבען די מיליאָנען, ווענען מען האָט זיי געגעבען קענען די גענעראַלע זעלבסטפערשטענדליך נישט בעווייזען. די פערטיידיגער ד ע מ א נ ז ש און ל אַ ב אָ ר י ברענגען די גענעראַלע יעדעס מאָל אין גרויס פערלעגענהייט דורך די פראַגען וואָס זיי שטעלען זיי. דרייפוס אליין פערליערט אויך נישט דען כוחה, אזוי באַלד ער האָט עפּיס אָב צו ענטפערן אויף די אויסזאַגען פון מאַנכע עדות. נאָר די אַנטיסעמיטען האָבען געזוכט א עצה וויא אזוי די פערטיידיגער צו בעזייטיגען און ווען לאַבאָרי איז איין טאָג געגאַנגען צו דער פערהאַנדלונג איז מען איהם איבערגעפאַלען און מען האָט איהם געשאָסען און פערוואונדעט, צום גליק האָט זיין קראַנקהייט געדויערט נור עטליכע טאָג און איצט זיצט ער שוין ווידער ביי די פערהאַנדלונגען. מיט אזעלכע מיטלען ווילען די פראַנצעזישע גענעראַלע פערהינדערן אז דער אמת זאָל נישט ארויסקומען. נאָר דער אמת, דאַכט זיך, איז שטאַרקער פון זיי און פון אלע זייערע שקרים און די פערטיידיגער האָפען אז זיי וועלען דעם אמת פערהעלפען צום זיעג.

---

# פעלעטאָן.

---

## א וועלט מיט וועלטליך.

### III.

(ענדע).

פערשטעהט זיך אז דאָס האָט בלקין גאָר ניט געקענט געפעלען ווערען און אנשטאַט פיעל געלט מיט א גילדענער מעדאַיל, וואָס ער האָט מיר צו-געזאָגט, האָט ער זיך מיט מיר צוקריגט און אפילו קיין הוצאות ניט אומגעקערט. איך האָב זיך מיט איהם געלאָרען און געלאָרען און ס'איז גאָר נישט געוואָרען. איך האָב אביסעלע פּרעטענזיעס, טאַקי צו אייך, יודען. עס וואָלט געווען באמת א גרויסער יושר, אז איהר זאָלט מיר אומקערען, לכל-הפחות, די הוצאות. ווען ס'איז וועלען מיר נאָך א אַנדערס מאָל רעדען.

אנשטאַט מיר, האָט „בלק" איבערגעלאָזט ביי זיך מיין „אייזעל" פאַר א „הויף-מכשף". ער האָט איהם געזאָגט, וואָס ער האָט נאָר געוואָלט; מע זאָגט, זיין משפחה איז נאָך עד היום פערנעמען אין מואב. —

ניט דאָס אָבער בין איך אויסען, איך האָב אייך נאָר געוואָלט דערצעהלען ווי די געשיכטע האָט דאַמאָלט פּאַסירט. היינט פרעגט מען שוין ביי מיר קיין עצות ניט, עס זענען שוין דאָ פיעל אַנדערע, שפּאָגיל-נייע בלעם'ס גרעסערע פון מיר, נאָר ווען מען פרעגט היינט נאָך ביי מיר, זאָג איך ווייטער די זעלביגע זאך און גיב די זעלביגע עצה... מען זאָגט אפילו, אז היינט איז ביי אייך שוין אויך ווייט ניט דאָס, וואָס ס'איז געווען אמאָל... מען זאָגט עס האָבען זיך פערפיהרט מיאוסקייטען אין פאַמיליען-לעבען, איבערהויפּט אין די העכערע קלאַסען... און פיעל מחלוקת, מסירות אין קהל'שע זאכען... דאָך, דאַרפט איהר בשום אופן נאָך פאַר קיין אַנדערע ניט אראָפּפאַלען...

און די עצות מיינע, געפין איך, וואָלטען נאָך היינט אויך געווען די בעסטע מיטלען, וואָלטען אויף אייך נאָך אי היינט געווירקט...

מען זאָגט אָבער אין דער וועלט, אז היינט דאַרף מען שוין צו אייך גאָר קיין מיטלען. ניט נור מען דאַרף אייך צו-זאָגען אלערליי הבטחות, — אדרבא, וואָס מעהרער מען נעמט ביי אייך אָפּ אייערע פריהערדיגע זכיות, וואָס מעהר מען יאָגט אייך פון זיך, ווערט איהר אלס מעהרער מואָב'יש און מדינ'יש געזינען. עס וואונדערט מיך אפילו. איך ווייס אמאָל זענט איהר געווען א „עם קשה עורף" א פאָלק מיט א האַרטען נאַקען, מיט להכעיס, מיט בעזען, האָט מען מיט אייך גאָר ניט געקענט מאַכען — פרעה, נבוכדנצר, אנטיוכס. אדריאַנוס, האָבען מיט אייך גאָר נישט אויסגעפיהרט פון וואַנען-זשע קומט צו אייך איצטער

אזא ווייך-הערציגקייט, אזא שוואכקייט, אז איהר גיט זיך אליין איבער אין פרעמדע הענט צו א פרעמדע קולטור, גאר אימזיסט, אפילו קיין טאפ ליגזען גיט מען אייך אויך ניט דערפאר... מיט אייערע עלטערען — און איך האב זיי גוט געקענט — האבען זיך אזוינע געשיכטען ניט געקענט טרעפען.

מען מוז מודה זיין, גיט ווילינדיג, אז די צייטען ביטען זיך, און מיר עלטערע מענשען שטעהען אביסעל אפ פון דער צייט —

דאך תאטש בלק האט מיר ניט בעצאהלט פאר מיין עצה, און אפילו פאר הוצאות אויך ניט אומגעקעהרט — האט ער נאך מיין אוועקפאהרען פארט זיך מישב געוועזען און אביסעל מיר געפאלגט. ער האט ערלויבט „נשואי-תערובות" פארמישטע חתונות, מבנות מואב און מדין מעגען חתונה האבען פאר יודען. און באלד איז מען פון גרויסע שונאים געווארען טאקי גרויסע מחותנים. אין יודישען לאגער, אין מחנה ישראל איז שמחה וששון, מען הוליעט חתונות. די פירשטען אייערע, די נשיאים, די געוועזענע מצרימער מיוחסים, האבען זיך די ערשטע מתחתן געווען מיט זיי, און דאס איבריגע פאלק אויף זיי קוקענדיג... און ווי עס שטעהט געשריבען ביי אייך אין דער תורה, זיי האבען געגעסען מיט די „מדינקעס" צוזאמען און זיך געביקט צו זייערע געטער — דער געויע־בטליבער סוף פון אזוינע חתונות... זעהט איהר, אלעס, ווי איך האב פארגעזאגט. נאר ס'איז שוין געווען אביסעל צו שפעט, דען משה בן עמרם, יהושע בן נון זיין תלמיד, און פנחס בן אלעזר בן אהרן הכהן, א גאנצע קאמפאניע פון ציוניסטען — ווי מען האט עס דאמאלס אנגערופען — האבען ניט דערלאזען דערצו. זיי האבען ערקלערט דעם עולם, וואס דאס קען בעדייטען, וואס פאר א סוף עס קען ארויסקומען דערפון. ניט גרינג איז זיי אנגעקומען ביז זיי האבען עס אויסגעפיהרט נאר דאך האט עס זיך ווי איינגעגעבען. און אז זמרי דער זוהן פון סלוא, א פירשט אין שבט שמעון, האט עפענטליך גענומען כזבי, די טאכטער פון צור, א סטארשינא אין מדין, און האט געפראוועט א גרויסע חתונה, אויף וועלכע ער האט איינגעלאדען, פיעל אנדערע יודישע פירשטען — האט פנחס דער זוהן פון אלעזר הכהן, זעהר א הייסער, פאנאטישער „קולטורנער ציוניסט", ניט אויסגעהאלטען און האט געשטאכען דעם חתן מיט דער כלה. עס איז געווארען א אויפריהר אין יודישען לאגער, א מלחמה צווישען זיך. 24 טויזענד מענשען זענען געפאלען אין דער מלחמה, נאר דאס פאלק האט אויסגעפיהרט, און אזוינע חתונות — אויס. איך האב אייך שוין געזאגט, אז בלק האט זיך געהאפט צו שפעט, און האט זיך גענומען צום עסק ווי „בלק", דאס הייסט, נאריש גראב... ווען ער פאלגט מיר, מיט'ן גאנצען פלאן מיינעם, וואלט בודאי דערצו ניט געקומען.

נאר די צייטען בייטען זיך. היינט וואלט איך גראדע די עצה ניט געגעבען. ניט ווייל זי טויג ניט — ניין. גוט איז זי געווים, נאר, גאנץ איינפאך, ווייל זי איז אונמעגליך. איהר, רעכען איך, וואלט זיך נאך עד היום ניט אפגעזאגט דערפון; אין אייניגע לענדער, וואו איהר האט נאך כלומר'שט רעכטע, האט איהר דאך געקעהרט א וועלט, אום צו בעקומען די פריוועליגיע זיך מתחתן זיין מיט'ן אייגענעם קוטשערס טאכטער... נאר זיי, די טעכטער מרינ'ס און מואב'ס ווילען ניט. א „מדיגית" זאל נעהמען א יודען, אפילו וואו מען מעג עס, איז זעהר זעלטען. צו טהייער דארף מען איהר בעצאהלען. כזבי, די טאכטער פון צור, א סטארשינא אין מדין, וואלט היינט פאר קיין געלט ניט חתונה געהאט פאר זמרי, דעם זוהן פון סלוא, א פירשט ביי יודען... פיעל גרינגער איז פערקעהרט, אז א „מדיני" עפים א פריצ'יל זאל נעמען א יודישע טאכטער. איך דארף אייך זאגען, אז דער „קורס" פון אייערע פרויען איז אין דער קריסטליכער וועלט פיעל בעסער פון דעם קורס פון אייערע מענער. א פנים זיי פערשטעהען, אז א יודישע פרוי אסימילירט זיך גיכער פון א מאנסביל. אפילו דעם רב'ס טאכטער, אז שמדט זיך היינט, איז זי מארגען שוין א אמת'ע „גויה" מיט אלע פרטים, אין דער צייט וואס א מאנסביל אפילו א פרייער — ניט, ניט, און דער יוד וועט דאך ווען ס'איז אין איהם ארויסו ייזען זיך. אין כלל, יעדע פרוי, אפילו ניט קיין יודישע, אסימילירט זיך בעסער פון א מאנסביל. „בינה יתירה נתנה לאשה", א גרויסען פערשטאנד איז געגעבען געווארען דער פרוי, (ריכט זיך איינער פון אייערע תלמודיסטען האט עס געזאגט) זיך צו געפינען וואהל אין יעדען צושטאנד. די קריסטליכע וועלט, וועלכע האט, פערשטעהט זיך ניט פון מצוה וועגען, אין לאנגע יאהרען גוט אויסגעלערנט דעם ווייבערשען תאראקטער מיט אלע זיינע נייגונגען, ווייס שוין געווים פון לאנג לאנג זייער פעהיגקייט, זיך צו אסימילירען. און דארום זענען זיי זיך א אנדערסמאל אזוי מתקרב צו יודישע טעכטער... עס איז גאר געווען צייטען, וואס ס'איז געווען א שטיקעל „שיק" אפשמד'ען א יורישע טאכטער און חתונה האבען אויף איהר. היינט איז די מארע אריין אין שיסטער-גאס, אין דארף צו די דארפישע פאראבקעס, די אריסטאקראטיע אבער האלט שוין ניט דערפון. דאך פאר גוט געלט, קען מען נאך בעקומען א ארימען „פריץ" פאר א איירעס. און געלט-געבען, זענט איהר יודען דאך פון לאנג געוואהנט.

איהר זעהט אויף מיין קארטאטשקע אז איך בין א „לאנד-שדכן". וואס זאל איך אייך זאגען, איך האב אין מיין לאנגען לעבען געהאט פיעל פרנסות: בין געווען א בעל-עצה ביי „פרעה מלך מצרים", א הויף-מכשף ביי בלק מלך מואב, א רעדאקטער פין א גרויסע אנטיסעמיטישע צייטינג, א סעקראטער ביי אייניגע יודען-פרעסער, אין רומיניא א פרעזידענט אין א קאמיסיע צים בעגרענצען אייערע רעכטע, א איבערזעצער פון אייער תלמוד און שולחן ערוך און נאך אייניגע מלאכות — נאר, ווי געזאגט פיעל מלאכות וועניג ברכות. ניט געהאט קיין גליק, איך האב זיך ניט געקענט איינהאלטען אויף מיינע ערטער, דען איך בין דאך א ליבעראל פון „דער אלטע סיסטעם", פארט דא אביסעל יושר אין הארצען; די אלע נייע בלעס'ם די יונגע, די נייע-מארנע, האבען מיר פון אומגדום ארויסגעשטיפט. זיי האבען שוין אפילו גאר קיין בעגריף פון יושר און פאר א „גראשען" וועלען זיי שרייבען און רעדען וואס מען פערלאנגט נור פון זיי. און זאלכע דארף מען היינט. — איך האב געזעהן, אז איך וועל אויף דעם וועג ניט קענען קאנקורירען מיט זיי, האב איך זיי אפגעטראטען דאס ארט, און אויף דער עלטער גענומען זיך צו „שדכנות". אפשר גיט אזוי שען פאר פרעה'ס א „בעל-עצה" און בלק'ס א „הויף-מכשף", נאר וואס זאל מען טהון, לעבען דארף מען דאך.

איהר פערשטעהט דאך אליין, אז קיין קליינע שדוכים פיהר איך ניט, איך פיהר אלס גרויסע שדוכים, וועלט-שדוכים. איבערהויפט אבער בין איך א „יודישער-שדכן", דען צייט דעם איך בין געווען א רעדאקטער פון א גרויסע אנטיסעמיטישע צייטונג, האב איך א גרויסע בעקאנטשאפט, צווישען יודען, וועלכע ס'האבען מיר פיעל געלייענט און שטארק געהאלטען פון מיין טאלענט.

ווי געזאגט, האב איך תמיד זיך געריבען ארום יודען. מיינע געשעפטען געמאכט מיט זיי, און א שדוך אויספיהרען איז אויך אם בעסטען מיט א יודען.

אמת, צוויי יודישע גבירים צוזאמען-פיהרען, איז זעהר שווער בקריעת ים-סוף. מען וועגט און מען מעסט די רייכקייט אויפ'ן האר, טאמער האט חלילה איינער פריהער פונ'ם אנדערען מיט עטליכע יאהר אוספיעט צו אנזעצען און איז אביסעל רייכער פון איהם — איז שוין אויס, שטעהט איהם שוין ניט אן מיט איהם זיך משדך זיין. דערפאר איז די גרינגסטע זאך צוזאמען-פיהרען א שדוך צווישען א יודישען גביר מיט א קריסטליכען אריסטאקראט. ס'איז ממש א מחיה. דער יוד דינגט זיך ניט, גיט געלט נדן, וויפיעל יענער וויל, נאר נעהם זיין טאכטער. דער אריסטאקראט דער קריסט, איז נעביך א ארימאן, דארף האבען די עטליכע גראשען, — נעהמט ער דאס יודישע געלט מיט דער יודישער טאכטער און דער שדוך ווערט געשלאסען. וואס נאך דעם וועט זיין, ווי דאס פאר-פאלק וועט צווישען זיך לעבען, ווי לאנג דאס געלט וועט האבען א קיום? — מיט דעם אינטערעסירט זיך קיינער ניט. געוועהנטליך ענדיגען זיך אזוינע שדוכים שלעכט, דער חתן ברענגט אוים דאס געלט גאנץ גיך און טרייבט ארויס זיין ווייב די „יודין", אדער פערבייט איהר אויף א אנדערע... נאר די פריערדיגע ביישפילען שרעקען קיינעם ניט אפ, און עס ווערען אלע מאל געשלאסען נייע שדוכים.

איך האב שוין אויך אויסגעפיהרט פיעל שדוכים אזוינע, און אויך איצט פיהר איך אזא שדוך, דעם העררן זאב-שבוע'ס א טאכטער, דער שעף פון דער בעריהמטער וועלט-באנק-פירמא „כלבא-שבוע" עט קאמפאניע, זעהר א וואהל קינד, א בעריהמטע שענהייט, העכסט געבילדעט, זעהר מוזיקאליש, פון גאר א גרויסע מיוחס'דיגע פאמיליע. רבי עקיבא בן יוסף'ס א מחותן... עס האבען זיך צו איהר געשדכנ'ט יודישע יונגע לייט, פון די גרעסטע בעסטע פאמיליען. נאר דער פאטער גוט איהר 2 מיליאן נדן, און וויל פאר זיין אינאייניציגע טאכטער נישט אנדערש ווי נור א קריסטליכען אריסטאקראט. —

איך האב לאנג געזוכט פאר איהם א חתן, ביי הייגטיגער אנטיסעמיטישע לאגע איז שווער צו געפונען א בעלן אויף אזא זאך, נאר צום סוף האב איך פאר איהם געפינען אזא חתן, אמת ניט גאר קיין יונגער מאן, דערצו זעהר ארים, נאר פון א גרויסע א אלטע פאמיליע. איך רעכען, האט ער געזאגט מיט א שמייכעל, אייך דארף זיין בעקאנט — „טיטוס דער זוהן פון אספינוס פלאוויוס א איטאליענישער אפיציר, ניט לאנג פון אביסיניא געקומען, — ער פאהרט דא טאקי מיט אונז אין איין ציג, אין ערשטען קלאס. ניט אויסגערערט זאל זיין, האט ער געזאגט אין דער שטיל, איך האב בעצאהלט פאר'ן בילעט. וואס זאל איך טהון, דערווייל, וואס ס'וועט זיין, מוז איך לעגען הוצאות. אפילו א מינדיר מיט א פארמע א נייע א יום טוב'דיגע, האב איך אויך גענומען איהם אויף פראקאט... אז דער שדוך וועט ווערען, וועל איך מסתמא אפנעמען מיינס... ווען ניט, מוז מען אויך ריזיקירען, ווי זאגט מען עס, אז מען וועט ניט ריזיקירען, האט מען ניט. —

אז איהר ווילט, מיינע העררן — האט ער ווידער געזאגט — קען איך מיט אייך בעקענען, א אינטערעסנער יונגערמאן, פאר אייך זעהר אינטערעסנע... אט דא באלד וועט זיין א סטאנציע מיט א גרויסען בופעט, וועט ער געווים ארופגעהען, דען ער געהט אראפ זיך אפפרישען אין יעדען בופעט... וועל איך אייך איהם פארשטעלען. —

און אזוי רעדענדיג, האט דער לאקאמאטיף א פייף געטהון, און דער צוג האט זיך אפגעשטעלט ביי דער סטאנציע. אין מיר האבען זיך בעקענט מיט טיטוס'ן. נאר פון דעם א אנדערם מאל.

א. ל. לעווינסקי.

Verlag „Achiasaf". Verantwortlicher Red. M. Berkowicz. — Herausgeber u. Buchdrucker Josef Fischer, Krakau.

## צו אונזערע אבאנענטען!

מיר געפינען פיר נייטהיג צו דערמאנען די געעהרטע אבא־נענטען וואס האבען הערייגעשיקט נור די ערשטע און צווייטע ראטע (בייזאמען 3 רו"כ) דאס

מיטדערנעכסטע בלאט Nr. 16 ענדיגט זיך זייער אבאנאמענט

און מיר בעטין זיי גיטיגסט באלד צו שיקען

### די דריטע, ד"ה די לעטצטע ראטע 1 רו"כ

בכדי מיר זאלען קענען צייטליך פעראָרדענען אלעס נייטהיגע אום זיי זאלען קריגען די ווייטערדיגע בלעטער אין דער צייט.

מיר בעטען אייך דאס ביים שיקען דאס געלד זאל יעדער שרייבען דעם נומער פון זיין אדרעס. די אלע וואס פרעגען וועגען דער פרעמיע „וואס טהוט זיך אויף דער וועלט", זיינען מיר מודיע אז דאס בוך וועט ערשיינען ענדע אָקטאָבער און אלע יאָרליכע אבאָנענטען וועלען עם בעקומען צור צייט.

---

יצא לאור ונמצא להמכר

# לוח אחיאסף

ספרותי ושמושי לשנת **תר"ם**

עם תמונות וציורים.

המאסף הספרותי הזה, שומר את תפקידו ויוצא לאור לתקופת השנה זה **שבע שנים**. וכאשר נוכחו הקוראים משנה לשנה הוא הולך ומתגדל בכמותו ומתפתח ומשתלם באיכותו.

בשנה זו מחזיק הלוח יותר מעשרים ותשעה באגען פארמאט „אחיאסף".

מתוכן הענינים הבא הלאה ידעו הקוראים, כי כל טובי החכמים והסופרים השתתפו בו, ועשיר הוא במאמרים העוסקים בשאלות היום, מאמרי מדע ומחקר השוים לכל נפש, שירים, ציורים, ספורים ופיליטונים, תולדות אנשי השם בישראל ותמונותיהם, ציורים נחמדים מאה"ק והשקפה על מקרי השנה, ידיעות שמושיות מועילות וכו' וכו' ולא נגזם כלל, אם נאמר, כי הלוח הזה כאחיו הקודמים, ובבחינה ידועה, גם יותר מהם, הוא מאסף ספרותי נכבד שערכו קים לדורות ומביא לקוראיו תועלת וענג גם יחד.

### וזה תוכן הענינים:

ר) נדחי ישראל, דר. ש. ברנפלד; ה) רזי לילה, שיר, ח. נ. ביאליק; ו) מרכז הכח, דר. ד. נײמרק; ז) הגיוני ליל, שיר, ש"ל גארדאָן; ה) הרבנות והציוניות, ש ראָזענפעלד; ט) מה-זאת? שיר, אבא שפירא; י) הסוציולוגיא של אחד העם, דר. יהושע טהאָן; יא) מספר השירים של הינה, י"ל ברוכוויץ; יב) לפנים והיום, פתגמים, דאזארקא; יג) מצבות זכרון, מ. ל. ליליענבלום; יד) שבבים, (א. מפני קשט. ב. זקנה ושיבה. ג. תחת כבוד) א. שולמאן; טו) עכו"ם שוטה, שיר, צ. שערעשעווסקי; טז) מכתב גלוי לד"ר ברדיצבסקי, מ. ז. פייערבערג; יז) למען ציון (אל צעירי עמנו), יוסף קלויזנער; יח) בית המדרש הישן, שיר, מ. מ. דא־ליצקי; יט) בא והולך, דר. ברדיצבסקי; כ) שיר הזורע, א. ליבושיצקי; כא) רוחות חדשות, שיר, א ליבושיצקי; כב) בין השמשות, יוסף קלויזנר; כג) התעודה והמולדת, זאב יעבץ; כד) האנוס, שיר, חושי הארכי; כה) בין איש לאשתו, ספור, א. ז. ראבינאָוויץ; כו) למנצח בנגינות, ספור, י. וואהל; כז) תשובה מספקת, שיר, מ. מ. דאליצקי; כח) בין חשכים, ספור, א זינגר; כט) פלאי פלאים מכתם, מ. א. שוידינישקי; ל) שתי מרדיות ציור, צבי אלאטין; לא) בחלומי הנעים, שיר, י"ל ברוכוביץ; לב) צרור מכתבים, ספור, א. ש. פריעדבערג; לג) חלום, מזכרונות הילדות, א. לודוויפאל; לד) חזיונות לילה, מס' השירים של הינה, י. ל. ברוכוביץ; לה) רזי תעלומה, ע"ד פעולת ההיפנוטיזמוס, יעקב פרענקעל; לו) פרט כרמי, משלים, יהושע שטיינברג; לז) מצוה, רשימה, דוד פרישמאן; לח) מי היא? *Cherchez la femme*, סעדיה מאיר בן טוביה יונה המכונה סמבטיו"ן; לט) מעט פילוסופיה של לוח לשנת תר"ם, פיליטון, א. ל. לעווינסקי; מ) הרב רב פעלים, תולדות ר"ע הילדעסהיימער, ש. פ. ראבינאוויץ; מא) קלמן שולמאן, תולדתו; מב) מ. ז. פייערבערג, תולדתו; מג) דר. משה גסטר, תולדתו, מבש"ן; מד) פרופ. עמנואל מאנדעלשטאם, ר. בריינין; מה) מקצת שבחו בפניו, לתמונת הרב הד"ר י"ל קאנטאר, י. א. טריוואש; מו) כרוניקה עברית, (מן ניסן תרנ"ח עד ניסן תרנ"ט), רוסיה, פקודת הממשלה, פסקי הסינאט, ארץ ישראל, אשכנז, אויסטריא-אונגריה, צרפת ומושבותיה, אנגליא, ארצות הברית, תוגרמה, שווייץ, רומניה, סרביה בולגריה, פרס ספירות, הצטיינות היהודים בחכמה וכו'; מז) היכרת נשמות; מח) ביבליוגראפיה, ספרים חדשים, י. ח. זאגאראדסקי; ידיעות שימושיות: חקי בי-הדואר בצירוף החקים החדשים שהונהגו מן ח' מאי, חקי התלגרף, חקי מסה"ב ומחיר המסע במסה"ב וכו' וכו'.

אל הלוח נספחו התמונות והציורים האלה: א) הר' ר' עזריאל הילדעס-חיימער; ב) קלמן שולמאן; ג) מ. ז. פייערבערג; ד) הרב ד"ר מ. גסטר; ה) פרופ. ע. מאנדעלשטאם; ו) דר. י"ל קאנטאר; ז) הזמירה בכרמי המושבה „רחובות"; ח) תלמידי ביה"ס ב„רחובות" לפני שער הכבוד לכבוד הנדיב הידוע.

---

## הקונגרס הציוני השלישי.

מפני כי בשנה זו נועד זמן הקונגרס קרוב לר"ה ואי אפשר היה לעכב הוצאת הלוח עד אחר הקונגרס באופן שנוכל לתת בו מקום לדין וחשבון ע"ד הקונגרס השלישי, ע"כ החלטנו להוציא בשנה זו

מחברת שלמה מיוחדת ע"ד הקונגרס הציוני השלישי

כתובה בידי סופרנו המיוחד אשר בבאזל ואת המחברת הזאת

### יקבלו חנם כל קוני הלוח

מיד אחרי צאתה נגד תלוש המצורף לכל לוח.

מחיר הלוח 1 רו"כ, עם פארטא 1,26 ר'

מכורך 1,40 רו"כ, ועם פארטא 1,56 ר'

באוסטריה 1,25 פלארין ועם פארטא (16 פלורין

Verlag „ACHIASAF" Warschau.

---

## האשכול

### כרך שני

מאסף לכל עניני ספרות ישראל, נערך ונסדר לדפוס ע"י

ד"ר עזריאל גינציג ויעקב ש. פוכס.

הכרך הזה יכיל 20 בוגן בדפוס בתבנית אָקטאָוו גדולה ובו באו הענינים האלה: א) לברר וללבן (ע"ד הקונגרס הבזילי השני) מאת המו"ל. ב) מלחמה בשלום — יוסף קלויזנער. ג) הציוניות והעט-היקא — ד"ר א. פרידמאן ד) שלש תכונות נפשיות בישראל — ד"ר שלמה רובין. ה) יהודי פולני בעזרת המרידה האמריקנית זאב רייזין. ו) כח הבת (ספור) — ישעיהו דוד זילברבוש. ז) מספר החיים — דוד רוטהבלום. ח) המלאך הקטן — דוד פרישמאן. ט) השנה המעברת — ר. א. ברודס. י) שירים — מ. מ. דאליצקי. אליהו הלוי לעווין, מנחם מענדיל בוימגרטן, יחזקאל לעוויט, ד"ר ש. מנדלקרן, ח. נ. ביאליק. יא) גלגולי נשמות — ד"ר שלמה רובין. יב) יושבי ארץ ישראל — ש. מ. לזר. יג) מצבות אדריאנופיל — פרופ' דר. קויפמאן. יד) ודוי — א. ליבושיצקי. טו) היהודים בגליציה — ה. הימאן. טז) דוד פרישמאן (ותמונתו) — יז) ד"ר שלמה רובין (ותמונתו) — ד"ר ע. ג. יח) דברים עתיקים — פ. ה. ווعטשטיין: יט) קריה נשגבה — ש. בובר. כ) תכלית מעשה שמים וארץ — שמואל אלכסנדרוב, כא) חידות מגי קדם — מ. בעדדיטשבסקי ועוד ועוד.

מחירו 1.20 ר' ועם פארטא 1.30 ר'.

בקרוב יצא לאור האשכול כרך שלישי מלא וגדוש במאמרים נעלים ומועילים בכל ענפי החכמה ובכל מקצעות ההשכלה העברית.

דורשי הס' יפנו אל:

Verlag „ACHIASAF". Warschau.

# דער יוד

# (DER JUDE)

דער פרייז פיר רוסלאנד:
נור יאהרליך 4 רוביל.
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען מאי — 1 „
דען 1טען סענטיאבער 1 „
יעדער איינציגער נומער קאסט 25 ק"ר אדער 20 קאפ.

ענדערען די אררעסע קאסט 20 קאפ.

צייטשריפט

## פיר אלע יודישע אינטערעסען.

ערשיינט 2 מאל מאנאטליך.

פערלאג: חברה „אחיאסף". רעד.: י. ח. ראבניצקי.

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארען —.5 פלארין,
האלביאהריג 2.60 „
פירטעליאהריג 1.35 „
דייטשלאנד 8.50 מארק,
ארץ ישראל —.10 פראנק,
אנדערע לענדער —.12 „
אמעריקא, ענגלאנד—.10 שילינג.

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 10 קרייצער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

## דער דריטער באזעלער

## ציוניסטען קאנגרעס




ט'—י"ב אלול התרנ"ט. 15—18 August 1899.

**דער פרייז פון דער נומער: 10 קרייצר, 20 פפעניג, 8 קאפ' אויסער פארטא.**

**צו אבאנירען:**

אין קראקא:
Administration „DER JUDE", Krakau, Dietelsgasse 45.

אין ווארשא:
Verlag „Achiasaf", Warschau, Postkiste Nr 25, mündlich: Twarda 6, Thür II.

אין וויען:
E. Torczyner, Wien I. Bez. Rudolfsplatz 6.

אין בערלין:
Verlag „Achiasaf" Berlin, zu Händen Dr. H. Malter, Charlottenburg, Pestalozzistrasse 29.

„דער יוד" איז אויך איינגעטראגען אין דער צייטונגספרייזליסטע דער ק. ק. עסטרייכישען פאסט אונטער דער נומער:
1920 a Nachtrag VII.

# אינהאלט:

## דער דריטער באזעלער קאנגרעס

א בעזונדערער בעריכט פיר דען „יוד" פון ש. ראזענפעלד.

I. Jahrgang. DER JUDE. Extra-Blatt.

דער פרייז פיר רוססלאנד: נור יאהרליך 4 רוביל.
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען מאי — 1 "
דען 1טען סענטיאבער — 1 "
יעדע איינציגער נומר קאסט 25 ק"ר אדער 20 קאפ.
ענדערען די אדרעסע קאסט 20 קאפ.

# דער יוד

ציימשריפט
פיר אלע יודישע אינטערעסען.

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארען —.5 פלארין.
האלביאהריג 2,60 "
פירטעליאהריג 1,35 "
דייטשלאנד 8,50 מארק.
ארץ ישראל —.10 פראנק.
אנדערע לענדער —.12 "
אמעריקא, ענגלאנד—.10 שילונג.

פרייז פון מודעות (אנצייגען): פיר יעדע קליינע שורה פעטיט 10 קרייצער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

פערלאג: חברה „אחיאסף".
ערשיינט 2 מאָל מאָנאַטליך.
רעדאקטער: י. ח. ראבניצקי.

## דער דריטער באַזעלער קאָנגרעס.

### 1.

### דער ציוניזם.

אין די לעצטע צוויי יאָהר, זעהען מיר שוין צום דריטען מאָל א פאַקט אין יודישען לעבען, וועלכען ס'איז ניט געווען צו זעהן צווישען יודען צייט זיי זענען צווייט און צושפרייט געוואָרען אויף דער גאַנצער וועלט; שוין דאָס דריטע מאָל זעהען מיר, אַז פון אלע עקען פון דער וועלט, וואו נור יודען זענען פערוואָרפען געוואָרען, פון אירופא, אַזיע, אַמעריקא, אַפריקא און אוסטראַליע, ניט קוקענדיג אויף דאָס געזונד וואָס אַזעלכע ווייטע רייזען קאָסטען, ניט אַכטענד אויף די גרויסע הוצאות, מיט וועלכע אַזעלכע ווייטע רייזען זענען פערבונדען, קומען יודישע דעלעגאַטען צוזאַמען, אום צו בעשפרעכען דעם יודישען גָלות, בעטראַכטען די יודישע לאַגע, בעראָטען זיך איבער די מיטעל, מיט וועלכע ס'איז מעגליך, פיעל אָדער ווענין, דעם יודישען פאָלק זיין שווערען גלות לייכטער צו מאַכען.

אַלע ווייסען, אַז אַלס דאָס איינציגע מיטעל איז געפונען געוואָרען דער ציוניזם, דאָס הייסט: פאַר יודען אַ געזיכערטע היים צו פערשאַפען אין פאַלעסטינאַ. פערשאַפען נאַטירליך, מיט דער איינשטימונג פון דער טערקיי און נאַכהער אויך מיט דער אַיינשטימונג פון אלע אַנדערע אירופייעשע פעלקער. נור דאַן, ווען יודען וועלען אַ געזיכערטע היים האָבען, פון וואַנען מען זאָל זיי ניט קענען יאָגען און טרייבען, וואו מע זאָל זיי ניט קענען אויפוואַרפען: איהר זענט דאָ פרעמדע! נור דאַן — זאָגט דער ציוניזם — וועלען יודען פריש אויפלעבען, דאַן וועלען זיי קענען ניט נור אַ גערעכטערעס געזעלשאַפט בילדען, נור אויך אַ בעסערעס אַלס דאָס וואָס עקסיסטירט איצט אין אירופאַ, און ווער ווייסט, אויב דאָס צוקינפטיגע יודישע געזעלשאַפט וועט ניט אַלס מוסטער דינען פאַר אַנדערע אירופייעשע פעלקער...

איז אָבער דאָ האָפנונג, אַזאַ געזיכערטע היים זיך צו פערשאַפען? איז דאָ מעגליכקייט די איינשטימונג פון דער טערקיי, און פון אַנדערע אירופייעשע פעלקער, אויף צו בעזעצען יודען אין פאַלעסטינאַ, צו בעקומען? דער ציוניזם זאָגט: יאָ! ס'איז דאָ האָפנונג, און אויב דאָס פאָלק, דאָס גאַנצע יודישע פאָלק, מיט זיינע אַרבייטער, סוחרים און רבנים, אָדער נור די גרעסערע טהייל פון פאָלק, וועלען זיך מיט אַ אֶמת איבערגעבען דער ציוניסטישע אידעע, דאַמאַלס וועט אויך מעגליכקייט זיין, די פערלאַנגטע נעטהיגע איינשטימונגען צו בעקומען. דער ציוניזם רופט דאָס גאַנצע פאָלק און ניט נור איין טהייל פון פאָלק, ווייל פריהער פון אלסדינג וויל ער העלפען דעם יודען־גָלות, וועלכען אַלע פאָלקס־טהייל גלייך ליידען, אַלס יודען, און ניט אַלס געוויסער קלאַס דער געזעלשאַפט, אַז דאָס ערשטע ציעל וועט אָנהייבען עררייכט צו ווערען, דאַן. וועט זיין אין ציוניזם אַ אָרט אויך פאַר די אַלגעמיינע קלאַסענפראַגע, וועלכע וועט געוויס פערענטפערט ווערען ווי די לאָגישע־נאָטהווענדיגקייט פאָדערט...

און דאָס אַליין, אַז שוין צום דריטען מאָל קומען יודען צוזאַמען קיין באַזעל אויף ציוניסטישע פערזאַמלונג און דאָס וואָס יעדעס מאָל קומען אַלס מעהרער און מעהרער דעלעגאַטען פון יודישען פאָלק, מיין איך, איז אַ גוטער סִימָן, אַז דאָס יודישע פאָלק קוקט ניט דערויף ווי אויף אַפוסטע פאַנטאַזיע; דאָס אַליין איז אַ בעווייז, אַז די אויפטהוער פון דעם ציוניזם — האָטש די אידעע אין גרונד גענומען איז ניט זייערע — האָבען דאָ צו־געטראָפען דערצו, וואָס כּמְעט יעדער האָט געפיהלט אין האַרצען; דאָס אַליין, מיין איך, איז אַ בעווייז, אַז דער ציוניזם וויל מְמַלא זיין דעם פאָלק'ס חסרון וואָס דאָס גאַנצע פאָלק פיהלט אַז איהם פעהלט — אַ היים!..

אַז איך זאָג: דאָס גאַנצע פאָלק פיהלט אַז איהם פעהלט אַ היים, הייסט דאָס נאָך ניט, אַז איך מיין, אַז ס'איז גאָר ניטאָ צווישען יודען אַזעלכע, וואָס פיהלען ניט אַז ס'פעהלט זיי „אַ היים"; דאָס הייסט נאָך ניט אַז איך מיין, אַז ס'איז ניטאָ צווישען יודען אַזעלכע וועלכע מיינען צו ברענגען יְשועות־וְנֶחָמות אויף יודען דורך פערשידענע אַנדערע מיטעל; דאָס הייסט נאָך ניט אַז איך מיין, אַז ס'איז גאָר ניטאָ צווישען יודען אַזעלכע, וואָס חאָטש זיי פיהלען וואָס זיי פעהלט פון דעסטוועגען זענען זיי געגנער פון ציוניזם. ניין, איך מיין דאָס גאָר ניט. איך ווייס, אַז ס'איז דאָ, בָּרוּךְ־הַשֵׁם, ביי יודען פון כָּל הַמִינִים: איך ווייס אַז ס'איז דאָ אַזעלכע וועלכע זענען אַליין גאַנץ זאַט, וואָס זיי פעהלט קיין זאַך ניט, און מיינען אַז ס'איז ניטאָ איין יוד, אָדער איין מענש, אויף דער וועלט, וועלכער זאָל ניט האָבען, אַם ווייניגסטען, האָטש ברוידט מיט פוטער דריי מאָל אַ טאָג; איך ווייס ווידער גאַנץ גוט, אַז ס'איז דאָ צעהנדליגע טויזענדער אַזעלכע וואָס האָבען ניט אפילו ברוידט אָהן פוטער, אפילו איין מאָל אַ טאָג, און פון ערביטערונג, שוואַכהייט, פערקנעכטונג, אָרימקייט און פינסטער לעבען זיי קענען זיך אפילו קיין מאָל ניט בעטראַכטען וואָס זיי פעהלט; זיי קענען אפילו ניט פיהלען און פערשטעהן וואו ליעגט די אורזאַכע פון זייער פינסטער מַזָל, און די אַלע זענען טאַקי פשוט ניט אומשטאַנד צו בעגרייפען אַזאַ געדאַנקען, וועלכער האָט ניט קיין גלייכע שַיכות מיט'ן מאָל־עסען, אפילו ווי קליין און אָרום דער געדאַנקען זאָל ניט זיין, און ווער שמועסט שוין, אַזאַ ברייטען רַעְיון ווי דער ציוניזם — די אַלע זענען פשוט ניט אומשטאַנד צו פיהלען קיין אַנדער פעהלער אויסער דעם אַז עס פעהלט עסען... איך ווייס גאַנץ גוט — ווי איך האָב שוין געזאָגט — אַז ס'איז דאָ אַ היבשעס ביסעל אַזעלכע מענשען, וואָס מיינען צו ברענגען ישועות יודען דורך אַנדערע מיטעל, וועלכע, ווי גוט זיי זענען, און ווען זיי זאָלען שוין אפילו מְקוּיָם ווערען, וועלען זיי דעם יודען נור העלפען אַלס מענשען, אָבער ניט אַלס יודען, אַלס ליידענדע נאַציאָן... איך ווייס אויך גאַנץ גוט, אַז ס'איז דאָ זעהר פיעל צום אומגליק, אַזעלכע

וואס חאטש זיי פיהלען די יודישע נויט, האטש זיי פערשטעהען וואס יודען פעהלט ווילען זיי, פון דעסט וועגען, דעם ציוניזם ניט ליידען, ווייל — ס'איז א שאנדע צו זאגען — זיי האבען שרעקליך קרומע קעפ, שרעקליך ווילדע מוחות, זיי האבען מורא, טאמער וועט דערויף גאט פעראיבעל האבען, טאמער וועלען יודען דורך דעם ניט פרום ווערען, און נאך אזעלכע פחדים. פון דעסט־וועגען, מיין איך, אז איך האב דאס רעכט צו זאגען, אז: „דאס גאנצע יודישע פאלק פיהלט אז איהם פעהלט אהיים.“ ווארום די אלע יודען וועלכע פיהלען זיך אלס יודען; די אלע יודען וועלכע ווילען אז יודען, אלס יודען, זאלען עקסעסטירען — ניט נור עס הארט זיי ניט אויב יודען וועלען עקסעסטירען — די אלע יודען וועלכע פערשטעהען אונטער דעם נאמען „יודישעס־פאלק“ דאס גאנצע פאלק, ניט נור איין קלאס — וועלכער דאס זאל זיין — די אלע יודען וועלכע האבען אין דער הינזיכט גלייכע קעפ, און ווייסען אז פריהער לעבט א מענש אויף דער וועלט, נאכדעם ערשט אויף יענער, און גאט קען צו אונז חלילה קיין טענות האבען דערפאר וואס מיר ווילען זיין לייטען גלייך...,— די יודען, זאג איך, געהען אלין מעהרער און מעהרער איבער אין דעם לאגער פון די „חובבי־ציון“ אדער ציוניסטען, וואס ווילען על־כל־פנים זיך א שטיקעל היים פערשאפען.

און דער ציוניזם, האבענדיג אין זינען דאס גאנצע פאלק, אין גרויסען און גאנצען, און די יודען, וועגען וועלכע מיר האבען דא נור־וואס גערעדט, זוכט מיטעל ווי אזוי צו ערוועקען אין פאלק דאס זעלבסט־בעוואוסט־זיין; ער זוכט מיטעל ווי צו ערקלערען דעם פאלק אז זיין הילפע ליגט נור אין איהם אליין, ער דארף אליין זיך העלפען, אבער ניט ווארטען אויף לייטישע „גמילות־חסדים“ און מתנות פון א „בעל־נדבה“; ער האט דערוויל — אום צו האבען מיט וואס זיך ווענדען צו דער וועלט מיט זיין פלאן — אויפגעעפענט א נאציאנאל־באנק, אין וועלכען ס'דארף מיט דער צייט זיין צוואנציג מיליאן רובעל. וואס דער ציוניזם האט נאך אויפגעטהון אין די פאר יאהר, צייט דעם ערשטען קאנגרעס, וועט מסתמא ווערען פאר געלייענט אויף דעם קאנגרעס, און דאס וועלען מיר נאך ווייטער דערצעהלען; וואס ער קען אויפטהון, וואס ער איז טאקי אומשטאנד אויפצוטהון — דאס וועט אונז די צוקונפט ווייזען...

איך מיין, אז דערמיט, וואס איך לעג אב אויף דער צוקונפט ערשט, צו זעהן וואס דער ציוניזם איז אין שטאנד אויפצוטהון, וועל איך דעם עולם ניט שטארק אבשרעקען. מיר דוכט אז יעדער איינציגער מענש, וואס האט א מענשען פערשטאנד, א געזונדען נאטירליך, פערשטעהט שוין אליין אויך, אז ניט אין איין יאהר און ניט אין איין צעהנדליג יאהר איז מעגליך, אפילו מיט די גרעסטע און בעסטע כוחות, אויסצופיהרען אזא גרויסע און שווערע זאך ווי דער ציוניזם נעמט פאר... נאך ווייסט קיינער ניט, צי די אנדערע „ישועות־ונחמות“, וואס אנדערע לעגען פאר, קענען זיכער אויסגעפיהרט ווערען... און טאמער פערשטעהען דאס יעצט ניט אלע, איז א מצוה זיי דאס געבען צו פערשטעהן. האטש אפילו א יודען איז דאס שווערער צו פערשטעהן, ווי איין אנדערען. א יוד וועלכער לעבט, ווי מען זאגט, פון האנד אין מויל; א יוד וועלכער לעבט פון געשעפט, היינט געטהון היינט אויפגעטהון, היינט פערקויפט היינט פערדינט, קען זיך ניט לאנג האלטען ביי אזעלכע מעשים, וואו מען טהוט היינט און די פערדינסט זאל ארויסקומען ערשט אין פיעל יאהר ארום... וואס טהוט מען אבער? מוז מען זעהן אז א יוד זאל אויך ביסליכווייס אנהייבען צו פערשטעהן וואס אנדערע פערשטעהען און זאל אויך אנהייבען אבלייגען ביסליכווייס, גראשענס־ווייס, פון דער יוגענד אויף דער עלטער, און ניט פאר זיך, נאר פאר קינדער, אדער גאר פאר אייניקליך...

נאר אזוי ווי דאס וואס דער ציוניזם האט געטהון, וועט אויך מסתמא גערעדט ווערען איבער דעם וואס דער ציוניזם דארף טהון, אין באזעל, אויף דעם קאנגרעס, וועלכער וועט זיין דעם 15, 16, 17 און 18 דיעזען אויגוסט, און מיר וועלען וועגען דעם אלעם נאך באלד נאך אמאל רעדען.

---

2.

## דער וועג. באזעל.

אום אנטהייל צו נעמען אין קאנגרעס, האב איך אוועק געווארפען מיין ארבייט, פערלאזען מיין וואהנונג, און האב בעצייטען אנגעהויבען זיך קלויבען קיין באזעל. ס'איז גלייכער, האב איך מיר געטראכט, אז מע קומט דער ערשטער, דאן האט מען צייט, ביסליכווייס זיך צו בעקאנגען מיט די אורחים, דעלעגאטען, וואס קומען אן; ביסליכווייס קען מען זיך דורכרעדען מיט דעם און מיט יענעם וועגען דעם ציוניזמוס, און וויסען ווי שטעהט ער, דער ציוניזמוס, אויף דער וועלט, וואס מיינט מען איבער איהם אין די גרויסע שטעדט, וואס טראכט מען וועגען איהם אין די קליינע שטעדט, אויך אין אזעלכע שטעדטליך וואו כמעט ערשט פון נעכטיגען טאג אן זענען די דארטיגע יודען געוואר געווארען אז ס'איז דא ציוניזמוס אויף דער וועלט... ביסליכווייס, האב איך מיר געטראכט, קען מען זיך שטילערהייט איינקוקען אין די דעלעגאטישע טלומקעס און זעהן, וואס האבען זיי מיט זיך געבראכט אויף דעם קאנגרעס... ווער א „טלית־ותפילין“ מיט אלע פיער שלחן־ערוך'ס, ווער אביסעל סאצאלאגיע מיט פאליטישע עקאנאמיע... ווער א מויל און ווער אויערען... ווער איז געקומען עפיס נייעס צו זאגען, ווער איז געקומען צו הערען און זעהן און שווייגען, און ווער קען ניט, ניט הערען ניט זעהן, דערפאר אבער אויך ניט שווייגען, און מאכט גלאט א טומעל... ביסליכווייס קען מען זיך מאכען א בעגריף וואס מיינען די דעלעגאטען: צי מיינען זיי גלאט פאטשען „בראווא“, ווען מע הערט א שיין ווארט, און צי איז דאס ווארט אויך גלייך און גוט, דאס האט שוין צו זיי ניט, אדער זיי מיינען זיך אביסעלע אויך צו בעטראכטען, אביסעלע נאכצודענקען איבער דעם וואס זיי וועלען הערען איידער זיי וועלען זאגען: יא אדער ניין! ביסליכווייס קען מען די דעלעגאטען אויך קענען לערנען, וואס פאר מענשען זענען זיי: צי איז דאס פון די, וועלכע „הייבען די הענד“ שטענדיג פאר די פראגע וועלכע ווערד געשטעלט צום ערשטען, אדער זיי האבען גענוג כוחות צומאל אויך זיך איינצוהאלטען ניט „הייבען די הענד“ ביז מע וועט שטעלען דעם געגענזאץ... אדער צי איז דאס גאר אזעלכע וועלכע זענען אין שטאנד פון אבענד זיין פאר דעם וואס מארגען זענען זיי געגען...

און דאס, ליעבע לעזער, וועט איר דאך מיר, גלייב איך, נאכגעבען, אז די דעלעגאטען גוט צו קענען, איז ניט נור א מצוה, וואס, וויל איך טהו איך, וויל איך ניט טהו איך ניט, נאר א חוב, וואס צי איך וויל צי איך וויל ניט און צאהלען מוז איך. דאס איז דאך עפיס פארט יודישע שליחי־צבור, פאלקס־פערטרעטער!..

געזאגט און געטהון!

קוים נור זיך בעשלאסען בעצייטען קיין באזעל צו פאהרען, האב איך שוין צוזאמען גענומען מיין ביסעל ארימקייט, און א פאר טעג ארום בין איך שוין געווען אויף דער רייזע — נאך באזעל.

אלע מאל, ווען איך פאהר ארויס אין וועג, קען ביי מיר נישט רעכט ווערען וואס אונזערע חכמים האבען אונז פערזאגט: געהסטו ארויס אין וועג אריין, קוק ניט אין דער זייט זאג ניט: „אך ווי שען איז דאס אדער יענעם פעלד, ווי שען איז דער אדער יענער בוים“... פאר וואס טאקי ניט? — פלעג איך אלע מאל בעז פרעגען — פאר וואס זאל איך זיך דאס ניט איינקוקען אויף דעם שענעם בוים און אויף יענעם שענעם פעלד? פאר וואס טאר איך דאס ניט הנאה האבען פון דער וועלט?..

אויף די רייזע מיינע אבער, האב איך ערשט עפיס ווי אנגעהויבען צו פערשטעהן אז אונזערע חכמים האבען רעכט.

סך־הכל איין טאג בין איך אויף דער רייזע געווען. די קורצע רייזע אבער איז געווען זעהר א היבשע. דורך דער שווייץ בין איך געפאהרען. פון בערן, קיין שניטץ, אונטערלאקען, בריענץ לוצערן און באזעל. יעדער שטיקעל וועג האט זיך זיינע בעזאנדערע שענהייטען, יעדעס שטיקעל וועג גיבט גענוג זאכען אויף וועלכע יעדער

רייזענדער פערקוקט זיך גאנ'ץ שטארק, און ניט ווילענדיג מוז ער ניט איין מאל נאר צעהנדליגע מאל, אויסשרייען: אך ווי וואונדער שען! אך ווי פראכטפאל!..

צוזאמען מיט דער גרויזאמע, פורכטבארע נאטור, מיט איהרע שרעקליך הויכע ברייטע און לאנגע מיט עוויגעם שנעע בעדעקטע בערג; צוזאמען מיט איהרע שענע וואסערפאלע, שטילע זעע און ניט ברייטע אבער טיעפע און פרוכטבארע טהאלען: צוזאמען מיט איהרע הויכע, נאקעטע שרעקליכע שטיינבערג, וועלכע ציהען זיך, ווי גלייכע ווענד, ווערסט־ווייזע, — צוזאמען מיט דעם אלעם זעהט אויך דער רייזענדער, ווי גוט און געזונד ענטוויקעלט איז דאס פאלק וועלכעס בעוואהנט דאס שענע גרויזאמע לאנד, ווי געזונד גענוג, אי קערפערליך, אי גייסטיג, איז דאס פאלק וואס האט זיך פעסט בעזעצט ארום און אויף די אלע הויכע אונאויפשטייגענדע בערג, פיעל מוטה ענערגיע און וויסענשאפט איז בענוצט געווארען אום אויף די אלע הויכע בערג וועגען צו מאכען, דורך די אלע שטיין־בערג טונעלען צו שניידען, אום פון די הענד דיעזער אומבַּרַחֲמָנוּת'דיגע נאטור אויסצורייסען דעם אדער יענעם ווינקעל בארג, דעם אדער יענעם ברעג טייך, און אום דאס ניט נור בעוואהנט צו מאכען, נאר אויך מיט אלע בעקוועמליכקייט דאס צו בעזעהן, מיט באהנען, שיפען, פאסטען, טעלעגראפען, טעלעפאנען, האטעלען, פענסיאנען, אזוי אז אויף יעדען בארג און יעדען טונעל געפונט א מענש אלעס וואס ער האט נור נייטיג אויף גליקליך און רוהיג צו לעבען...

אומעטום בעגעגענט דער רייזענדער געניגעדע געזיכטער; אומעטום הערט ער היימליכען געזונדען געלעכטער; אומעטום זעהט ער געזונד גע־וואקסענע קערפער, מיט גאסטפריינדליכען, האטש עטוואס שטרענגען, אויסזעהן, דיקע קארקען, דיקע מוסקעלן... אומעטום זעהט ער פאר זיך, צוזייעט און צושפרייט, איבער אלע בערג, הייזער און הייזליך הילצערנע, מויערען און מויערליך, דריי־און פיער־עטאזשנע האטעלען און קליינע פאסטוכער־שטיבליך; וואו נור א שטיקעל פלאטץ איז זעהט ער פער־זייעט פערשיעדענע תבואות און זאמען, וועלכע שלאגען אב פערשידענע פארבען, אזוי אז דאס גאנצע לאנד וואו ער פאהרט, שמייכעלט צו איהם, רופט איהם פריינדליך, ציהט איהם מיטערליך צו זיך, צו דער נאטור.

ניט ווילענדיג רופט דאן דער רייזענדער פון גאנצען הארצען אויס: אך, ווי שען, ווי גוט, ווי געזונד! ווי פריי, ווי לעבעדיג, ווי גרויסארטיג! ניט ווילענדיג, מיינע לעזער, האב איך עס דאך אויך געטהון, און ניט ווילענדיג, ווי אלע יודען זענען זיך נוֹהֵג בִּשְׁעַת אַ שִׂמְחָה דערמאנען דעם חֻרְבָּן, האב איך זיך אויך גלייך דעם חורבן דערמאנט... ניט אבער דעם חורבן פון א מ א ל, נור דעם י ע צ ט י ג ע ן חורבן, ניט דעם חורבן פון „הייליגען הויז", נאר דעם חורבן פון אלע יודישע הייזער, ניט דעם חורבן פון יודישען לאנד נאר דעם חורבן פון יודישען פאלק אין אלע לענדער...

דאס יודישע לעבען אין גָלוּת, די בעזאנדערע איבער יודען חוּקִים וּמִשְׁפָּטִים, גְזֵירוֹת און עֲלִילוֹת, יודישע פַּרְנָסוֹת, יודישע געשעפטען, יודישע ערציהונג, יודישעם קערפערליכעם אויסזעהן, יודישע נערוועו, יודישע מוסקולען, יודישע בלייכע צורות, יודישעם קליינמוטהיגקייט, יודישעם אינערליכעם קנעכטשאפט. יודישעם אידעען־וואנדערונג, יודישעם ראנגלען זיך מיט'ן נויטה... אלעס, אלעס איז מיר אויפ'ן געדאנקען ארויפגעקומען, אין דער מינוט וואס אלע מיט־רייזענדע האבען געקוקט ארום זיך און געקוואלען פון פערגניגען... נו, זאגט אליין, האב איך געקענט דען, פערגלייכענדיג דאס אלעס וואס איך האב בְּחוּש מיט די אויגען געזעהן דערמיט וואס איך האב דאן זיך אין געדאנקען פארגעשטעלט, זיך פרעהען ווי אלע אנדערע?...

אט דאס — האב איך מיר א טראכט געגעבען — האבען אודאי אויך די חכמים געמיינט: קוק ניט און זעה ניט ווי די גאנצע וועלט איז ליכטיג, ווערסטו זיך ניט מְצַער זיין דערויף וואס דיין וועלט איז אזוי פינסטער!...

און ווי אויף צו לְהַכְעִיס, האט זיך דאס קנעכטישע יודישע פאלק א פלאץ פאר זיינע קאנגרעסען געוועהלט דאס פרייע אונאבהייניגע שווייץ!...

און דא האב איך אנגעהויבען זיך צו דערמאנען דעם ציעל פון מיין רייזע. איך, ווי נאך הונדערטע אנדערע, פאהרען, אדער קלייבען זיך איצט צום פאהרען — קיין באזעל, מיר מיינען, א גרויסער טהייל פון פאלק מיינט, דאך זיך צו העלפען פון גלות, דאס פאלק שטריינגט דאך אן זיינע לעצטע קרעפטען אום זיך אומצווענדערען, אומענדערען זיך פון אויסען כדי צו זיין אין שטאנד אומענדערען זיך אויך פון אינווייניג...

יא, מיר ווילען, מיר שטרעבען, מיר פאהרען, מיר רעדען, מיר שרייבען, אבער... וואס אבער, רִבּוֹנוֹ־שֶׁל־עוֹלָם, האבען מיר ביז איצט אויפגעטהון? אויב אפילו אונזער פלאן איז א פלאן, פיעל צעהנדליגע יאהרען דארפען אוועק ביז מיר זאלען קענען האטש א רעכטע הַתְחָלָה זעהן, אז מיר הייבען אהן עהנליך זיין צו אלעם בליהענדען, אלעם לעבענדען און וואקסענדען אין דער ברייטע וועלט?..

און דערווייל?..

דערווייל, זענען מיר אין א טונעל אריינגעפארען. דאס פלוטצליכע שטארקע פינסטערניש, האט מיך ווי פונ'ם שלאף, פון אלע מיינע אונמוטהיגע מחשבות אויפגעוועקט... נאך פינף מינוטען צייט האט אנגעהויבען אלס ליכטיגער און ליכטיגער צו ווערען... פון ווייטען האבען זיך שוין אנגעהויבען צו ווייזען איינינע קוימענס פון באזעלער פאבריקען, מיר קומען אלין נעהענטער צו ב א ז ע ל, אט אט איז זי, אט איז די שטאדט.

וויפיעל יודישע געדאנקען זאמלען זיך ארום דעם נאמען פון דער שטאדט? וויפיעל יודישע הערצער האבען אויפגעלעבט אין דער שטאדט? וויפיעל יודישע פריידענס־טרערען זענען אין איהר פערגאסען געווארען?

באזעל איז איינע פון די גרעסטע שווייצארישע שטעדט, ס'געפינט זיך אין איהר א ערך פון הונדערט טויזענד איינוואהנער, אויך א פרומע יודישע געמיינדע פון א ערך צוויי טויזענד נפשות. די שטאדט איז א אלטע. עס געפונען זיך נאך אין איהר פיעל שמאלע גאסען און געסליך אט גאר ווי, למשל, אין ווילנא. עס געפונען זיך אזעלכע געסליך, וואס זייערע הויכע מויערען לאזען פשוט די שיין ניט אריינדרינגען אהין, מעהרערע מויערען זענען גאנץ אלט מאדייש. אין אלגעמיין איז אבער די שטאדט ניט אלט פערשלאפען, נאר אדרבא זעהר בעלעבט. עס קאכט און עס רוישט אומעטום. אלע צוויי דריי מינוט לויפט די עלעקטרישע טראמוואי דורך די גאסען, אויף און אב, און טראגט צעהנדליגע מענשען הין און צוריק, די שטאדט לעבט!..

דא האב איך אויך עטוואס אויפגעלעבט. מיין ערשטער וויזיט איז געווען, פערשטעהט זיך, אין דער ציוניסטען־„ביורא". דאס איז א גאנצע קאנצעלאריע. זעקס מענשען ארבייטען, איבערהויפט די לעצטע צייט פאר'ן קאנגרעס, ביי טאג און ביי נאכט. א גאנ'ץ יאהר שלאפט מען, זאל ניט אויסגערעדט זיין צווישען אונזערע ציוניסטען, אין רוסלאנד (זיי זענען ד א ך דער עִיקָר) מע בעשטימט איינמאל א טערמין אויף שְׁקָלִים־זאמלען, מע בעשטימט א צווייטען מאל, יודען האבען צייט, אזוי איז מיט אקציעס, אזוי איז מיט דעלעגאטען קלויבען... ווען האפט מען זיך אויף די לעצטע מינוט, צו נְעִילָה... דאן קומט אן גאר אויף אמאל די ארבייט אין ביורא. כִּמְעַט אלע צוויי שָׁעָה קומט פון פאסט אלס נייע און נייע מאטעריאל, פעק־ווייז, טאלאנען, בריעף פון דער וועלט, וועלכער מע מוז תֵּיכֶף אין ארדנונג ברענגען, און ס'ווערד געבראכט. די ארדנונג, וואס איז נוֹגֵעַ אפילו צו די קלענסטע זאך, איז א זעלטענע. דער ערשטער סעקרעטער פון ביורא ארבייטעט זעהר פלייסיג, ער רעדט אבער זעהר פויל. א יונגער־מאן, א שלאנקער, א טרוקענער, א ביסעלע נאך צו טראקען, אין בענעהמען... שטרענג און שפארזאם אויף א ווארט, גלייך ווי יעדעם ווארט זיינס קען אויפבויען אדער חָרוּב מאכען די וועלט... קורץ, צומאל אבער ניט דייטליך, ענטפערט ער אויף דעם וואס ער געפונט, נאך בעטראכטען זיך, מ ע ג ל י ך צו ענטפערען, ס'איז אבער אמאל דא נאר קליינינקייטען וועלכע בלייבען, גאר אהן צערעמאניע, ניט בעאנטווארטעט... ער איז ווי ג ע ב ו י ר ע ן צו זיין א „קאנצעליאריסט".

דארט בין איך געוואר־געווארען ווער ס'איז געקומען, ווער ס'דארף נאך קומען, וועמען מע האט וואו אויסגעקליבען. דארט האב איך אויך באזעלער צוויי צייטונג געפונען: „באזעלער נאכריכטען". און

„נאַציאָנאַל ציימונג״, פֿון זעלבען טאָג, וואו עס איז זעהר וואַרם געשריבען געוועזען איבער דעם ציוניזמוס און ציוניסטען. און די לעצטע פֿון זיי, פֿרעהט זיך איבערהויפּט דעריבער, וואָס ז י י ע ר שטאָדט באַזעל, איז געוואָרען דער צענטער פֿאַר אַזאַ וויכטיגע קאָנגרעס־פֿערזאַמלונג ווי דער ציוניסטישע, און ענדיגט איהר אַרטיקעל, מיט ווענדונג צו די קומענדע ציוניסטען, מיט אַ זעהר פֿריינדליכען: ו ו י ל ק א מ ע ן!

---

3.

## קַבָּלַת־פָּנִים.

אַז איך בין געקומען איז נאָך טאַקי כמעט קיינער ניט געוועזען, נאָר יעדער טאָג האָט צו־געפֿיהרט, צו־געבראַכט אַלס פֿרישע מענשען, נייע יודישע דעלעגאַטען, פֿון אַלע עקען דער וועלט. מיט פֿרעהליכע לעבעדיגע געזיכטער האָבען זיך בעגעגענט, איין יוד מיט דעם צווייטען, איין דעלעגאַט מיט דעם אַנדערן. מע האָט זיך געקושט און געהאַלזט, מיט הויך קלאַפּענדע הערצער און צומאָל אפילו אויך מיט פֿריידענס־טרערען. אָט ווי ברידער וועלכע האָבען זיך שוין אַ גאַנץ יאָהר ניט געזעהן. און דאָס פֿערגאַנגענע יאָהר, איז ניט געוועזען קיין יאָהר פֿון שְׂמָחוֹת מיט גליקען, פֿון אַ גוט לעבען און רוהיגע טעג, נאָר אַ ג ל ו ת־יאָהר; יעדער האָט דאָס יאָהר געליטען אין אַ אַנדער לאַנד, אין אַ אַנדער ווינקעל, אין אַ אַנדער „גלות״, אין אַ אַנדער „געטהאָ״, צי אין דאָס אַלטע אָדער אין דאָס נייע — אָבער אַלס געליטען... מענשען וועלכע זענען געוועזען ביז איצט גאָר ווילד־פֿרעמד איינער דעם אַנדערן; מענשען וועלכע האָבען, צומאָל, אפילו איינער דעם צווייטענס נאָמען ניט געהערט קיינמאָל, ווערען אין איין מינוט בעקאַנט, איינעמס האַנד קוועטשט דעם צווייטענס, ווי צוויי אַלטע גוטע פֿריינד, וועלכע האָבען שוין מיט אונגעדולד ערוואַרטעט די מינוט זיך נאָך אַ מאָל צו זעהן, און מע געהט־אום הין און צוריק, איבער דער גאַס, אָדער אַנדערש וואו מע בעגעגענט זיך, און מע רעדט. און מע פֿרעגט, און מע לאַכט און מע קרעכצט — און אַלס צוזאַמען.

דוכט זיך וואָס האָבען צוויי פֿרעמדע יודען אַזוי פֿיעל צווישען זיך צו רעדען? ווי האָט דאָס גאָר יעדער פֿון זיי קיין „דֶּרֶך־אֶרֶץ״ ניט, טאָמער איז דער אַנדערער אונצופֿריעדען, דערפֿון, וואָס ער לאָזט זיך אַזוי טיעף אַריין מיט איהם אין אַ שמועס נאָך דער ערשטע בעקאַנטשאַפֿט?

איך מיין אָבער אַז קיין פֿעראיבעל קען דאָ ניט פֿאָרקומען. די דעלעגאַטען וועלכע ווייסען נאָך ו ו אָ ס זיי פֿאָהרען; די דעלעגאַטען וועלכע ווייסען, ו ו אָ ס זיי האָבען צו טהון דאָ אויף דעם קאָנגרעס, די שטעהען פֿיעל העכער פֿון אַלע מיני צערעמאָניעס, פוסטע אויסגעטראַכטע עטיקעטע, ניט דאָס ליעגט זיי אין זינען! א י י ן עסק, א י י ן זאַך, א י י ן לעבען, א י י ן גייסט האָבען אַלע; ניטאָ קיין אייגענע געשעפֿטען, ניטאָ קיין אייגענע אינטערעסען, ניטאָ קיין איבריגע אייגענליעבע, א י י ן אינטערעס עקסיסטירט פֿאַר אַלע, איין פֿראַגע בעשעפֿטיגט אַלע — ד ע ר צ י ו נ י ז ם!

איינער פֿרעגט דעם אַנדערן, איינער דערצעהלט דעם אַנדערן וואָס דעם ציוניזם איז געראָטען אויפֿצוטהון אין זיין אָרט. וויפֿיעל „שְׁקָלִים״ איז געוואָרען געזאַמעלט; וויפֿיעל „אַקציעס״ איז געוואָרען פֿערקויפֿט, וויפֿיעל יודישע „נְפָשׁוֹת״ זענען געוואָרען געקויפֿט, וויפֿיעל יודישע קינדער בעזוכען „רעפֿאָרמירטע חדרים״, וויפֿיעל יודישע קינדער בעקומען יודישע ערציהונג; איינער דערצעהלט דעם צווייטען, וואו איז געוואָרען נייע רעכטע יודישע שולען פֿאַר קינדער, וואו אַבענד־שולען, וואו ביבליאָטעקען א. ד. ג.;

און איינער איז פֿאַראינטערעסירט אין דעם אַנדערענס ערצעהלען. יעדער פֿ י ה ל ט, אַז דאָס וואָס דער צווייטער דערצעהלט, איז ניט נור נוֹגֵעַ א י ה ם, דעם דערצעהלער, און ניט נור זיין שטאָדט אָדער שטעדטיל, נאָר ס׳איז אין דער זעלבער מאָס נוֹגֵעַ אויך א י ה ם, דעם צוהערער. וואָס עס ווערד געטהון, אין דעם אָדער יענעם שטעדטיל;

וואָס עס ווערד געטהון אום צו ענטוויקלען די אָדער יענע גרופּע יודען, איז שייך אויך צום גאַנצען פֿאָלק...

וואָס מעהרער אויסגעבעסערטע חדרים; וואָס מעהר גוטע שולען, וואָס מעהר יודישע ביבליאָטעקען, וואָס מעהר יודישע קינדער ווערען גוט ערצויגען, וואָס מעהר יודען ווערען געבילדעט, ענטוויקעלט, אָרגאַניזירט איז אַלס דעם גאַנצען פֿאָלק בעסער, איז אַלס דעם גאַנצען פֿאָלק לייכטער צו וואַרטען און צו האָפֿען... און ניט נ ו ר וואַרטען און האָפֿען, נור עס האָט אויך מעהר גרונדע זיך צו פֿערלאָזען אַז זיינע האָפֿנונג זאָלען ערפֿילט ווערען, עס האָט אויך מעהר גרונדע צו גלייבען אַז יודען וועלען זיך אויפֿהייבען פֿון זייער נידריגען שטאַנד.

מע זאָגט, אַז אויף דעם ע ר ש ט ע ן, און אפילו אויף דעם צ ו ו י י ט ע ן קאָנגרעס, איז געוועזען מעהר הִתְפַּעֲלוּת, מעהר ענטוזיאַזם, מעהר לעבען. איך ווייס ניט אויף וויפֿיעל דאָס איז ריכטיג, איך בין אויף די ערשטע צוויי קאָנגרעסען ניט געוועזען, נאָר אפילו מיר זאָלען גלייבען אין דעם, וואָס מע זאָגט און דערצעהלט, פֿון יענע צוויי קאָנגרעסען, דאַרף דאָך דער איצטיגער קאָנגרעס ניט נידריגער שטעהן פֿון די ערשטע. אמת, קיין גרויסען ענטוזיאַזם, הִתְפַּעֲלוּת איז ניט צו זעהן, דערפֿאַר אָבער איז צו זעהן, אַז די ערשטע הִתְלַהֲבוּת איז איבערגעגאַנגען אין שטענדיגע, וואַרמע ליעבע, אין ריינעם און קלאָרען בעגריף. מע רעדט ניט איבער דעם ציוניזם מיט גרויסע הִתְפַּעֲלוּת וועלכע קען בְּשׁוּם־אוֹפֶן ניט לאַנג האַלטען, אָבער מע רעדט איבער איהם מיט טיעפֿע הערצענס־ליעבע, וועלכע ווערט ניט אַזוי לייכט אויסגעוועפּט; מע רעדט ניט איבער אותות־ומופתים, וואָס דער ציוניזם זאָל בעווייזען דעם יודישען פֿאָלק, פּ ל ו צ ל ו נ ג, אָבער מע האָפֿט אויף גאַנץ מעגליכע, לאַנגזאַם ענטוויקעלטע מַעֲשִׂים, וועלכע וועלען ביסליכוויס, טריט ביי טריט, געהן ווייטער, ווי ווייט נור מעגליך איז. דער פֿריהערדיגער שטאַרק געזאָדענער, פֿייערדיגער ציוניזם איז יעצט אַביסעל קיהלער געוואָרען, און דאָס איז אַ ג ו ט ע ר סימן...

נאָך איין זאַך, וועלכע איז א י ב ע ר ה ו י פּ ט זייער וויכטיג, מוז מען בעמערקען אין דעם ציוניזם, אויב מיר זאָלען איהם מְשַׁפֵּט׳ן נאָך דעם גייסט, וואָס הערשט צווישען ד י דעלעגאַטען וועלכע זענען שוין געקומען. ווי מיר האָבען שוין בעמערקט, זיצען חָלִילָה די אָנגעקומענע דעלעגאַטען ניט ליידיג, אַלע זענען פֿערטהון, אַלע רעדען און הערען, זיי דערצעהלען וואָס מע האָט ביי זיי אויפֿגעטהון און הערען וואָס מע האָט אַנדערש וואו אויפֿגעטהון, און פֿון אַלעמענס רעד איז צו הערען, אַז זיי פֿערשטעהען, אַז דער ציוניזם איז ניט קיין זאַך פֿון יְחִידִים, פֿון פֿילאַנטראָפּען; דאָס איז ניט קיין זאַך וואָס אַנדערע, אונזערע גבירים, דאַרפֿען טהון פֿאַר אונז, פֿאַר׳ן פֿאַלק, נאָר אַזאַ זאַך, וואָס מ י ר אַ ל י י ן, דאָס פֿאָלק אַליין, מיט זיינע אייגענע כּוֹחוֹת דאַרף טהון, דאָס פֿאָלק אַליין דאַרף זיין הילפֿע זוכען.

און טאַקי דערום איז געוועזען צו הערען, ווי דאָ און דאָרט, שטעהען קליינע גרופּען און רעדען, צום ביישפּיעל, איבער איינִיגע מעשים פֿון גאַליציִשע חובבי־ציון, און איבערהויפּט זענען כמעט אַלע אויפֿגערעגט געוועזען אויף דעם ו ו ע נ ד ע ן ז י ך מ י ט „ב ק ש ו ת״ און מ י ט ר ח מ נ ו ת־בריעפֿליך צו די אָפּעקונעס אויף באַראָן הירש׳ס פֿאָנד, מען זאָל זיי העלפֿען גרונדען עטוואַס אין ארץ־ישראל.

די גרעסטע מעלה פֿון דעם איצטיגען ציוניזם איז וואָס ער וויל דאָס פֿאָלק זאָל אַ ל י י ן אויפֿשטעהן, אַליין זוכען מיטלען, אַליין זעהן זיך צו העלפֿען. אום דאָס פֿאָלק זאָל זיין אין שטאַנד דאָס אַלעס אויסצופֿיהרען, אָדער חאָטש האָבען דאָס רעכט צו האָפֿען אַמאָל דאָס אַלעס אויסצופֿיהרען, דאַרף דאָס פֿאָלק ענטוויקלען אין זיך דאָס זעלבסט־בעוואוסט־זיין, זיך אַליין קענען, קענען די וועלט, און וויסען וואו ער איז אין דער וועלט, און וויסען אַז מיט קיין מתנות, וואָס פֿרעמדע, אָדער אפילו אייגענע, וו אַ ר פֿ ע ן־צו קען קיין פֿאָלק ניט געהאָלפֿען ווערען... און דאָס פֿאָלק האַלט דאָך ביים ערוואַכען, אָט אָט, ביסליכוויס שטעהט עס אויף, עס לערענט זיך, עס אָרגאַניזירט זיך און ניט האָפֿנונג אויף גרויסע פֿאָרשריטע אין דער נאָהענטע צוקונפֿט... צום סוף שעמען זיך ניט די גאַליציאַנער פֿאָלקס־פֿער־

טרעטער — צי מיט רעכט רופען זייא זיך אזוי, אדער מיט אונרעכט, איז דא קיין אונטערשייד — און לאזען זיך אוועק אויסבייטען עפיס ביי דעם רייכען פעטער . . .

איבער דעם זעלבען טעם, האבען אויך די דעלעגאטען — איך זאג ניט אלע — זיך בעקלאגט, אפילו שוין עמואס שטילער (דעם אמת קען מען ניט פערלייקענען), אויף דעם צו הויכען אריסטאקראטיזם פון דעם ציוניסטישען „וויענער קאבינעט". עפיס איז דאס צו גרויס, צו „גדול'דיג"; עפיס קוקט ער צו פון דער הויך אויף אונז רוסישע יודען, עפיס רעכענט ער זיך צו ווייניג מיט אונז, ער פרעגט עפיס צו א קליינע דעה, אויף אלעס כמעט וואס ער טהוט, ביי אונזערע פארשטעהער וואס מיר האבען א. ד. ג. איך וויים אפילו ניט, צי זענען די אלע טענות ריכטיגע. ס'קען אמאל זיין אז דער פריץ איז גאר ניט שולדיג אין דעם, וואס דער יוד מיינט, אז ער טאר אנדערש צום פריץ ניט צוגעהן סיידען ער זאל זיך בויגען און דרייען... נאר ניינציג פראצענט זענען דא געוויס ריכטיג... און איך האב מיך זעהר געפרעהט, הערענדיג פון אונזערע רוסישע דעלעגאטען אט אזעלכע מיני טענות... א סמן, אז דאס קנעכטשאפט ווערט שוואכער...

איבער די זעלבע סבה, וואס ס'הייבט זיך שוין אן עטוואס צו ענטוויקלען דאס פאלקס־בעוואוסט־זיין, על־כל־פנים אויף וויפיעל דאס איז שייך צו דעם ציוניזם, איז געווען א פערגניגען צו הערען, ווי נאכדעם, אלס איין רוסישער מיטגליעד פונ'ם אקציאנסקאמיטעט האט זיך ארויסגערעדט, אז ביי איהם, דארט וואו ער איז עוסק אין ציוניזם, ווייסט „ברוך־השם" דאס פאלק ניט אזוי איבריגס פיעל פון ציוניזם, זענען מעהרערע פון דערביי געוועזענע ציוניסטען געווארען זעהר אויפגערעגט. דאס איז א פאלקס־זאך, האבען זיי געזאגט, אבער ניט קיין גבירישע און ניט קיין שיין בעלי־בתישע...

אז די גבירים ווילען ניט וויסען פון ציוניזם מאכט ניט אויס, דאס פאלק אבער מוז וויסען.

אט אזוי איז דער דעמאקראטישע פרינציפ צו בעמערקען געווען אין אלע שמיעסען, אין אלע אונטערהאלטונגען, וועלכע זענען פארגעקומען נאך דעם ערשטען „קבלת־פנים" צווישען מעהרערע דעלעגאטען. אויסער דעם, איז אויך געווען צו הערען, ווי כמעט יעדער דעלעגאט — וועלכער איז באמת געוועהלט געווארען פון פאלק — האט א אויסגעארבעטען בליק אויף די אדער יענע פראגע אין ציוניזם. זיי געהען ניט גלאט אין דער וועלט אריין הערען און פאלגען, נאר יעדער האט זיך זיין מיינונג, צי גלייך אדער קרום, אבער ער האט א מיינונג, וועלכע ער בעמיהט זיך אויך צו בעגרינדען עס, ווי ווייט ער איז אין שטאנד, דאס צו טהון.

דאס איז געווען גאנ'ץ לייכט צו זעהן, בשעת ס'איז געקומען איינער פון די דעלעגאטען און דערצעהלט, אז עפיס א אמעריקאנער יוד, דוד טריעטש, איז געקומען אהער מיט א נייעם פלאן. אז יודען זאלען זיך גאר נעמען בעזעטצען דאס אינזעל „קיפער", דאס איז ניט ווייט פון ארץ־ישראל און געהערט צו ענגלאנד, אויף דעם אינזעל וואהנען סך־הכל צוויי־מאל הונדערטטויזענד איינוואהנער, פון פערשידענע פעלקער, מערסטענטיילס גרעקען און טירקען, און אויף דעם אינזעל איז דא פלאטץ נאך פאר זיבען אדער אכט מאל הונדערט טויזענד מענשען. און אזוי ווי פאלעסטינא, מיינט ער, קען אויפנעהמען סך־הכל ווען שוין פיעל — דריי מיליאן מענשען, און דערווייל, אויסער אלע זאכען, לאזט דאך אונז דער טערק נאך גאר ניט אריין אויך, אלזא איז דער בעסטער פלאן לעת־עתה זיך צו בעניצען מיט דער באנק אויף צו קאלאניזירען יודען אין קיפער...

דער דעלעגאט וועלכער האט דערצעהלט דאס נייעס, מיין איך, האט זיך לכתחילה גאר ניט פארגעשטעלט וואס פאר א רעש ער וועט דא אנמאכען צווישען די איבעריגע דעלעגירטען, אלע זענען געווארען העכסט אויפגערעגט: סטייטש, נאך א נייער גלות! נאך אויף קיפער איז יודישעס בלוט ניט פערגאסען געווארען! — האבען מעהרערע געשריען — דער ציוניזם וויל צוזאמען נעמען יודען, אבער ניט זיי פאר אנאנדער שפרייטען, צעזייען און צעווייען . . . דער קאנגרעס איז א קאנגרעס פון „ציוניסטען" ניט קיין קיפריסטען, דא איז ניט צו רעדען איבער קיפער, מיד דארפען פריהער פון אלעס, זיך דעם צענטער ערווערבען, אויב דער צענטנער וועט צו קליין זיין; אויב דער צענטנער וועט ווירקליך ניט קענען אויפנעמען מעהר ווי דריי מיליאן יודען — פארלייפיג איז דאס נאך ניט בעוויזען, ס'איז דא, אדרבא, בעווייזע אויף דעם הפך — נו, דאך וועלען זיי שוין פון צענטער זיך פערשפרייטען אין די נאכבאר־לענדער, ווי עס טהוען אלע פעלקער, אבער אנהייבען זיך בעזעצען אין די נאכבאר־לענדער פריהער און נאכדעם געהן זוכען דעם צענטער דאס איז א דומהייט.

אנדערע האבען אפילו מסכים געווען, אז ס'וואלט אפשר ניט שלעכט געווען ס'זאל טאקי זיין א גרויסער ישוב פון יודען, נאהענט ביי פאלעסטינא, אבער דאס זאלען טהון אנדערע פילאנטראפישע, וואל־טהעטיגע געזעלשאפטען, אט ווי דעם באראן הירש'ס פאנד; דער ציוניזם אבער אין אלגעמיין טאר ניט אבטרעטען פון זיין ציעל — ארץ ישראל. אי עס געהט שווער, וואס זאל מען טהון? א פאלק, און נאך אזא פאלק ווי יודען, קען ווארטען!..

ס'וועט זיין ניט ריכטיג אויב איך וועל לאזען דעם לעזער מיינען, אז די ערשטע „קבלת־פנים" איז געווען דורכאויס א אנגענעהמע. חלילה! נאך צוויישען די ערשטע דעלעגירטע איז געווען צו זעהן קליינע נשמה'ליך. וועלכע האבען אנשפארענדיג זיך כלומר'שט אויף דעם דעמאקראטישען פרינציפ, פראסט רכילות געטריבען, אט געגען איינעם, אט געגען א צווייטען; און אין די זעלבע צייט ניט האבענדיג קיין אייגענע קאפשטיק, זענען זיי געקראכען אונטער דעם צווייטענס פאנטאפעל, און צו־געלעקט, כדי דארטען שוטי'ן געפונען, אום זיך כלומרשט פאר א אמת'ן מענשען צו מאכען, האבען זיי אלע מאל אונטערגעהאלטען, וואס נור איינער האט גערעדט שלעכטס אויף דעם צווייטען, און איבערהויפט געגען גרעסערע פון זיך, און אט אזוי, שטילערהייט, האבען זיי, אט די שמוטציגע נפשות, אויך דאס גאנצע וואסער געוואלט שמוטציג מאכען.

די ערשטע „קבלת־פנים" איז געווען מיר אליין, למשל, אונאנגענעהם אויך דעריבער, וואס אפיציעל איז אנגעזאגט געווארען אז צו די ערשטע „זיטצונג" פון קאנגרעס, זאלען אלע קומען ניט אנדערש ווי אין שווארצע רעק און ווייסע האלדטיכער. איך וויים ניט ווי פאר אנדערע, פאר מיר איז דער שווערער ריח פון פוסטען אריסטאקראטיזם, וועלכער האט געשמעקט אין די קורצע מודעה, געווען שווער אריבערצוטראגען. אמת טאקי, ס'איז א גרויסער טאג ביי יודען, דער טאג פון די ערשטע קאנגרעס־זיצונג, געוועהנליך וועט יעדער דעלעגאט קומען געקליידעט וואס פיינער, געוועהנליך וועט יעדער אנטהון זיין „שבת'דיגע קאפאטע"; ווי אבער זאלען זיך בעגעהן די דעלעגירטע וועלכע האבען ניט קיין שווארצען ראק אויף יום־טוב?..

פון אויבען אראב, דאס איז ניט צו פערלייקענען, קוקט דער אריסטאקראטיזם, א האפנונג אז ער וועט ניט אראב אין פאלק; דאס פאלק, וועלכעס שטעלט פאר מיט זיך דעם ציוניזם, איז און וועט בלייבען דעמאקראטיש.

---

4.

### די קאזינא.

דעם 12 איז שוין די קאזינא פערטיג, צוגעריכט פאר אונז. אויף דעם באלקאן, צום גאס, זענען צוויי גרויסע פאהנען געהאנגען, פון בלויע מיט ווייסע ליינוואנד, אויף וועלכע ס'איז געווען גרויסע שענע „מגן־דוד'ס" אויפגענייט, מיט גרויסע היבשע קוטאסען ביי די ברעגעס. אין מיט'ן דעם באלקאן שטעהט א הילצערנער געגאלדעטער מגן־דוד אין וועלכען עס זענען זיעבען גאלדענע שטערן איינגעזעצט. יעדער פערבייגעהענדער, שטעלט זיך אב א פאר מינוט, קוקט זיך איין און געהט זיך זיין וועג ווייטער. דאס שווייצאר־פאלק, ווערט איבערהויפט ניט שטארק נתפעל פון קיין פאהן, יעדעס שטעדטיל, יעדער דארף, קען מען זאגען, און יעדער „חברה" האט זיך פערשיעדענע פאהנען און אזא מין פאהן אדער א אנדער מין פאהן מאכט דא א גאנ'ץ קליינעם איינדרוק. אויף מיר אליין אבער האבען די פאהנען מיט די מגן דוד'ס, מיט'ן גרויסען שילד צווישען די פאהנען אויף וועלכען ס'איז געווען אויפגעשריבען: „דריטער ציוניסטען קאנגרעס", געמאכט א שרעקליך שטארקען ווירקונג.

איך ווייס אפילו גאַנץ גוט אַז פֿון אַרויסשטעלען אַ פֿאָהן אויף באַזעלער קאַזינאָ ביז אַ "יודישע היימשטאַט" איז נאָך גאַנץ ווייט; איך ווייס, אַז אויב נור צוליעב דעם, אום אַרויסצורופֿען אַנגענעהמע געפֿיהלען ביי די יודישע צוזעהר, וועלכע קוקען צומאָל מיט טרערען אויף די פֿאָהנען מיט דעם "מגן דוד", איז ניט כּדאַי צו רופֿען אַ קאָנגרעס, וועלכער זאָל אָבקאָסטען טויזענדער רובל. און אפילו טאַקי בשעת הדוה, בשעת דאָס האַרץ האָט זיך אין מיר שטאַרק געפֿרעהט זעהענדיג דאָס אַלעס, האָט מיר פֿאָרט טאַקי דאָסזעלבע האַרץ געזאָגט: אויף וואָס פֿרעהסטו זיך אַזוי, ס'איז דאָך נור אַ דעקוראַציע?... פֿון דעסטוועגען, איז פֿאָרט אַ פֿערגניגען צו זעהן, אַז די האָפֿנונג אויף אויסגעלייזט צו ווערען, וועלכע יודען האָבען ביי זיך אין האַרצען געטראָגען שוין מעהר פֿון צוויי טויזענד יאָהר, און וועלכע האָט אויף זיך די יודען אַרויסגעטראָגען פֿון אַלע צרות, פֿון אַלע שווערע אומשטענדען, וואָס דער יוד האָט בגעגענט אויף זיין לעבענס־וועג; די האָפֿנונג, וועלכע איז געוועזען נאָכהער צו שאַנדע און צו שפּאָט פֿאַר זעהר פֿיעל פֿון אונזערע ברידער, און אַקעגען וועלכער מען האָט זיך גענומען אין דייטשלאַנד אויסצומעקען זי אפילו פֿון די סדורים — וואָרום פֿון האַרצען איז זי שוין פֿריהער אויסגעמעקט געוואָרען — די האָפֿנונג, איז איצט אַרויס געטראָגען געוואָרען פֿראַנק און פֿריי אויפ'ן גאַס, און בקול רם רעדט מען איבער פֿאַר דער גאַנצער וועלט...

און ווער האָט איהר אַרויסגעטראָגען אויף דער גאַס? ווער רעדט וועגען איהר אין דער הויך? — גאָטס וואונדער! — וועלכע האָבען צום ערשטען מיט פֿינפֿציג יאָהר צוריק פֿון איהר ניט געוואָלט ניט וויסען און ניט הערען, וועלכע האָבען זיך געשעמט מיט פֿינפֿצעהן יאָהר צוריק אַז מע האָט זיי געזאָגט אַז זיי געהערען זיך אָן שטיקליך קרובים מיט דעם פֿאָלק וועלכעס טראָגט די האָפֿנונג אין האַרצען...

אינווייניג איז די קאַזינאָ זעהר גרויס. ס'איז דאָ דאָרט זעהר פֿיעל צימערן, און אַלע ווערען בענוצט צום קאָנגרעס. דאָ איז אַ "ביוראָ צימער" "קאָנפֿערענץ־צימער" "קאָמיסיאָנס־צימער", "פּרעזידיומס־צימער", "באַנק־ביוראָ־צימער" "זשורנאַליסטען־צימער", פּאָסט־און טעלעגראַף־צימער" א. ז. וו. א. ז. וו. די זאַל צור פֿערזאַמלונג, האָט אין זיך פּלאַץ פֿאַר עטליכע טויזענד מענשען. אויף די גאַלעריע אַליין איז דאָ שטוהלען פֿאַר מעהר אַלס טויזענד מאַן. דער זאַל איז אין צוויי שטאָק הויך, מיט צוויי פֿענסטער איינס איבער דאָס אַנדערע.

אויבען־אָן, אין דער הויך — ווי צום ביישפּיעל "די סצענע" אין טהעאַטער — איז געמאַכט פּלאַץ פֿאַר דעם פּרעזידיום, דאָס הייסט פֿאַר דעם פּרעזידענט פֿון דער פֿערזאַמלונג מיט זיינע צוויי וויצע־פּרעזידענטען מיט זיינע יועצים און סעקרעטערע. אַלע ווערען אויסגעקליבען פֿון קאָנגרעס, פֿון די דעלעגאַטען. ענטגעגען דעם פּרעזידיום איז אויפֿגעשטעלט אַ בּימה, אויף וועלכער ס'שטייגט אַרויף יעדער, וועלכער נעמט דאָס וואָרט, דאָס הייסט ער האָט וואָס צו זאָגען דער פֿערזאַמלונג. שוין אויף דעם פּשוטען פֿאַל, נעבען דער בּימה, שטעהט אַ טישעל מיט פֿיער שטיהלען, דאָרט זיצען די סטענאָגראַפֿען, פֿון ביידע זייטען פֿונ'ם טישעל, איבער דער ברייט פֿון דער זאַל, שטעהען צוויי לאַנגע טישען, מיט שטיהלען אַרום, דאָס איז פֿאַר זשורנאַליסטען, און נאָכדעם שטעהען צעהנדליגע רייען מיט שטיהלען און שמאָלע טישליך פֿאַר די דעלעגאַטען.

די טישען, די בּימה, דער באַריער איז בעצויגען מיט גרינע טוך, די שטיהלען מיט רויטען פּלוש.

זאָגט אייך וואָס איהר ווילט, די "דייטשען" פֿערשטעהן ווי אַיין אסיפה איינצואָרדנען...

און די גאַנצע צייט רעשט און רוישט די קאַזינאָ פֿון מענשען. פֿינפֿצעהן אָדער צוואַנציג מנינים יודען טרעפֿט איהר דאָרט אַלע מאָל. אָבער מיינט ניט אַז מע געהט אַרום ליידיג, גלאַט מע שפּאַצירט אַרום, חלילה! דעם נייענטען איז שוין געווען אַ אסיפה, דעם צעהנטען אַ אסיפה, דעם עלפֿטען אַ אסיפה, דעם צוועלפֿטען צוויי, דעם דרייצעהנטען דריי, דעם פֿירצענטען פֿערשידענע זעקס אסיפות איבער פֿערשידענע פֿראַגען.

---

5.

## דער ציוניזם אין רוסלאַנד.

אויף דריי פֿון די אסיפות איז אַלס גערעדט געוואָרען איבער דעם ציוניזם אין רוסלאַנד, ווי ער האַלט, ווי שטאַרק ער איז פֿערברייטעט צווישען פֿאָלק, וויפֿיעל שקלים ס'איז געווען, וויפֿיעל אַקציעס א. ד. ג.

פֿון די פֿאָרלעזונג וואָס ד"ר ב"כ האָט געהאַלטען איבער דעם ציוניזם אין ר. איז געווען צו זעהען, אַז אין דעם יאָהר איז ער אויסגעוואַקסען מעהר ווי צוויי מאָל אַזוי פֿיעל. פֿאַר אַ יאָהרען פֿאַר'ן קאָנגרעס איז געווען סך הכּל דריי הונדערט מיט זיבציג ציוניסטישע חברות און איצט איז דאָ שוין באַלד נייען הונדערט חברות. מיטגלידער אין די חברות איז דאָ פֿון פֿערשידענע קלאַסען, אָרימע און רייכע, בעלי־מלאכות און סוחרים, אַרבייטער פֿון פֿאַבריקעס און פֿאַבריקאַנטען. צווישען די מיטגלידער איז פֿעראַנען פֿרומע אין ניט פֿרומע, רבנים און משכילים, מאַנספּערזאָנען און פֿרויען. אומעטום, וואוהין מע זאָל זיך קערען און ווענדען, בעגעגענט מען זיך איצט דאָרט מיט דעם ציוניזם.

דער ציוניזם פֿערנעמט זיך ניט נור מיט שקלים קלייבען און אַקציעס פֿערקויפֿען, נאָר אויך מיט מענשען קלייבען און נפשות קויפֿען. ער מאַכט וואו נור ס'איז מעגליך שולען פֿאַר יודישע קינדער, גוטע חדרים, גוטע תּלמוד־תּורה'ס, אום די קינדער זאָלען גוטע ערציהונג בעקומען, עס זענען פֿיעל ביבליאָטעקען יודישע געעפֿענט געוואָרען, אום יודישע קינדער זאָלען קריגען וואָס צו לעזען כּדי זיך מעהר צו ענטוויקלען; עס זענען פֿיעל פֿאָרלעזונגען געהאַלטען געוואָרען אין פֿערשידענע שטעדט, איבער פֿערשידענע ענינים. אַ טהייל פֿון די פֿאָרלעזונגען האָבען געוויס נוטצען אויך געבראַכט... איך זאָג אַ טהייל, ווייל מיר וויסען דאָך ווער אָס מייסטענסטהיילס "מאַכען" דאָס די רעפֿעראַטען, און וואָס פֿאַר רעפֿעראַטען ס'ווערען געמאַכט. יעדער אָרים־בּחור וואָס האָט אין זיך אַ לעק השׂכּלה אָדער אפילו אַ לעק אויך ניט; יעדער ניימאָדנער לעהרער אָהן אוראַקען און אָהן וויסען א. ד. ג. — די אַלע מאַכען דאָס "רעפֿעראַטען" און זוכען אַ עולם זיי צו לעזען... און אַז ס'איז ניט צו הערען אַ גוט וואָרט, הערט מען וואָס איינעם פֿאַלט אַריין אין מויל. אַ ביישפּיעל, אין אַ שטאָדט אָדער אַ שטעדטיל איז געלעזען געוואָרען אַ רעפֿעראַט מיט'ן נאָמען: דער ציוניזם פֿון משה רבנו אָן ביז אויף היינטיגען טאָג"... נאָר וועגען דעם וועלען מיר נאָך שפּעטער רעדען.

וואונדערבאַר איז אויך, נאָך די רייד נאָך פֿון ד"ר ב"כ, דאָס בערנעהמען פֿון די ציוניסטישע חברות צום "פּאָטשטאָווע־צענטער". דאָס פֿאָלק איז נאָך ניט געוואוינט צו אָרגאַניזאַציע. אַלע ווילען בעקומען אין די בריעף, וועלכע זיי ערהאַלטען פֿון ביוראָ, ידיעות איבער אַלעם וואָס ס'טהוט זיך אומעטום אין אַלע ציוניסטישע חברות, און ווילען ניט פֿערשטעהן, אַז דאָס קען נור מעגליך זיין דאַן ווען אַלע חברות וועלען אין דער צייט מודיע זיין אין דער ביוראָ וואָס ס'הערט זיך ביי זיי, וואָס זיי טהוען און וואָס זיי טהוען ניט, פֿאַר וואָס ווידער טהוען זיי ניט, איבער וועלכע סבּות. צום סוף לאָ־די וואָס זיי שרייבען אַליין ניט, איז אפילו ווען מע פֿרעגט אָן ביי זיי ענטפֿערען אויך ניט אַלע, נור אַ גאַנץ קליינע טהייל ענטפֿערט אי דאָס אויך ניט אויף אַלסדינג. אַזוי אַז אויף די פֿראַגע וויפֿיעל אַקציעס איז פֿערקויפֿט געוואָרען, האָבען געענטפֿערט נור הונדערט מיט זעכציג חברות. מע ווייסט, למשל, אַז אין גאַנצען איז פֿערקויפֿט געוואָרען מעהר פֿון צוויי מאָל הונדערט טויזענד אַקציעס, אָבער די חברות פֿוילען זיך צו ענטפֿערען.

דערפֿאַר אפילו זענען זיי ניט פֿויל צו בעמיהען די ביוראָ מיט אַזעלכע אויפֿגאַבען וואָס ס'האָט גאָר לחלוטין ניט צום ציוניזם, כּמעט ווי מיט שדוכים פֿיהרען צווישען אַ מיידעל פֿון איין חברה מיט אַ בחור פֿון ערגיץ וואו אַ צווייטע... זיי זענען אויך ניט פֿויל אויף קריטיק, און ניט קריטיק ווי אַלע פֿערשטעהן, נאָר אַמאָל גאָר פּראָסט און גראָבער זידלעריי נעגען די ביוראָ. אין דער היגזיכט האָט זיך בעזאָנדערס אויסגעצייכענט סאָפּאָצקינער חברה, זאָל איהר קיין שאַנדע ניט זיין.

אָבער דאָך מוז מען מודה זיין, אַז די איצטיגע ציוניסטען שטעהען פֿיעל העכער אין פֿערשטעהן דעם ציוניזם, ווי ביז אַהער, אין אַכט ראַיאָנען איז געווען סיעזדען פֿאַר'ן קאָנגרעס. יעדער סיעזד האָט בעהאַנ־

דעלט די פראגען, וועלכע אינטערעסירען איצט דעם ציוניזם, ווי די באנק־פראגע, קאלאניזאציאנס פראגע, קולטור־פראגע א. ד. ג. און אלע האבען געבראכט גוטע רעזולטאטען. דאס בעווייזט, אז דאס פאלק פערשטעהט אין וואס ס'האנדעלט זיך, און אונטערהאנדעלט דעם ציוניזם ערנסט.

---

6.

## די פרויען־פערזאמלונג.

דעם 15 טען אויגוסט, זייגער צעהן אין דער פריה, איז געוועזען אין איינער פון די זאלען דער קאזינא א פערזאמלונג פון פרויען ציוניסטקעס. ס'זענען צוזאמען־געקומען ביז 50 פרויען, פון פערשידענע לענדער. פרעזידירט האט פרוי גאטהייל (די פרוי פונ'ם פראפעסאר גאטהייל אויס ניוארק). די פערזאמלונג איז געוועזען געפיהרט אויף פראנצעזיש, פיעל דעליגירטע פרויען האבען גערעדט אויך דייטש.

די פרוי גאטהייל, א זעהר פארנעהמע דאמע, האט מיט הייסע ווערטער ערקלערט דעם צושטאנד פון יודען אין אלע לענדער, און דערפון אריבער אויף דעם ציוניזם, וועלכער דארף זיין א רפואה צו אלע מכות. זי האט דערצעהלט אז אין אמעריקא איז שוין דא ביז הונדערט אזעלכע פרויען־פעראיינען ציוניסטישע. צווישען אנדערע מיטעל אויף צו פערשפרייטען דעם ציוניזם גילט אויך דער: דאס זי טראגט תמיד אויף דעם הארצען די שפילקע מיט דעם ציוניסטען־צייכען. אלס זי בעגעגענט זיך מיט איין אנדערע פרוי, איז געוועהנליך פרעגט ביי איהר יענע — ווי דער שטייגער פון פרויען איז — וואס איז דאס פאר א מין שפילקע, דערצעהלט זי איהר, און אזוי רעדט מען דערווייל אויך איבער דעם ציוניזם . . .

פאר דעם אויסערדיגען ציוניזם איז דער מיטעל אויך זעהר כאראקטעריסטיש . . .

פרוי גאלדבערג פון ו. האט געענטפערט אז אין רוסלאנד איז מען זיך ניט נוהג מיט אזא אופן צו־ציהען מענשען צום ציוניזם, און אפילו אויך פרויען, האטש אפילו ס'איז דא אזעלכע וואס טראגען דעם ציוניזם אין הארצען, איבער פיעל אנדערע סבות אבער איז ניט מעגליך פיעל פרויען צו־ציהען צום ציוניזם. מע לייענט רעפעראטען, געשיכטע, מע לערענט העברעאיש, דאך אבער איז שווער צו־ציהען די רייכע ווייל ניט זיי טראכטען איבער ציוניזם, ניט זיי ווילען וויסען פון איהם; די ארימע קענען ניט טראכטען איבער איהם און האבען קיין צייט ניט זיך אבצוגעבען מיט איהם, זיי דארפען פרנסה. איז נור די מיטעלערע, נאר ווייל מיר געפינען זיך ניט אין אזעלכע צושטאנדע ווי אין אמעריקא, איז אויך דא שווער פיעל צו טהוען.

ס'האט נאך גערעדט פריילין אימאס, פריילין שך, אלע, נאטירליך, האבען אויסגעשפראכען דעם בעסטען ווילען, אז דער ציוניזם זאל אונטערשטיצט און פערברייטעט ווערען.

גלייך אויפ'ן ארט איז בעשטימט געווארען מען זאל אין באזעל גריגדען א צענטער פון אלע ציוניסטישע פרויען־פעראיינען. אין באזעל זאל וואהנען דער קאמיטעט. מיטגלידער קענען אנגענומען ווערען אויך פון אנדערע לענדער. דער קאמיטעט מוז שטעהן אין פערבינדונג מיט זיינע קאמיטעטס־מיטגלידער, וועלכע וועלען געוועהלט ווערען אויך פון די וועלכע וואהנען אין אנדערע לענדער. אלע וועלכע זענען געוועזען ביי דער פערזאמלונג האבען זיך פערשריבען אין דער חברה.

---

7.

## דער קאנגרעס.

און דאס זענען די אלע פראגען, איבער וועלכע ס'וועט גערעדט ווערען אויף דעם קאנגרעס, ווי עס איז פערשריבען אין די טאגעס־ארדנונג:

דער ערשטער טאג, דינסטאג פאר מיטאג, 10 אוהר: 1) עפנונג דעם קאנגרעסעס דורך דעם פרעזידענט פון אקציאנס־קאמיטעט, ד"ר הערצעל. 2) די וואהל פון דער לעגיטימאטציאנס קאמיסיע (דאס איז א קאמיסיע, וועלכע גיט אכטונג, אלעס זאל זיך פיהרען ווי דער דין איז) און קאנגרעס־ביורא. 3) געשעפטסארדנונג. 4) אלגעמיינע לאגע דער יודען, פון ד"ר מאקס נארדא. — נאכמיטאג 4 אוהר. 5) רעכענשאפטס בעריכטע פון אקט. קאמיטעט. 1) די אלגעמיינע טהייל געלעזען פון ארכ. א. מארמארעק 2) קאסאבעריכט געלעזען פון ד"ר ע. קאקעש.

דער צווייטער טאג, מיטוואך, פאר מיטאג: 6) פארטזעצונג דער דעבאטע איבער די רעכענשאפט. 6) בעריכט פונ'ם באנק־קאמיטע — ד"ר וואלפסאן. — נאכמיטאג: 7) ארגאניזאציאן, געלעזען פון ד"ר קאהן.

דריטער טאג. דאנערסטאג, פאר מיטאג: 7) פארטזעצונג דער דעבאטע איבער די ארגאניזאציאן. נאך מיטאג 8) בעריכטע דער שטענדיג־ארבייטענדען קאמיסיאנען.

פירטער טאג, פרייטאג, 9) וואהלען דעם אקט. קאמיטעט. 10) איינצעלנע אנטראגע. 11) פערשידענעס.

---

דעם 15 טען אויגוסט, שוין פון א זייגער זיבען אן, האט זיך אנגעהויבען דער עולם צו פערזאמעלן. דעליגירטע און געסט, פרעמדע און היימישע, אלע זענען געוועזען אין גרויס התפעלות. קיינער האט ניט געקענט זיצען אדער שטעהן רוהיג אויף א ארט. אלע האבען זיך גע־צויגען פון איין ווינקעל אין אנדערן . . . האלב צעהן האט מען די זאל פון דער פערזאמלונג געעפענט. נאך איינינע מינוטען איז שוין די זאל ווי אויך די גאלעריע פול געוועזען. ס'האט זיך געפונען אין אלעמען פיעל מעהר אלס טויזענד פינף הונדערט מענשען.

10 דעם זייגער איז אריין הערצעל. אלע האבען זיך אויפגע־הויבען פון די ערטער מיט א אונגעהייער שטארקען הענד־פאטשעריי.

אז ס'איז שטיל געווארען, איז הערצעל ארויף אויף זיין ארט, האט מיט דעם פרעזידענטען־האמער דריי מאל אנגעקלאפט אין טישעל, און האט אנגעהויבען זיין רעדע' וועלכע איך גיעב דא איבער כמעט ווארט אין יווארט:

גערהרטע קאנגרעס־מיטגליעדער!

אין דער פייערליכע שטונדע, ווען עס זענען זיך צוזאמען־געקומען אין איינעם דיא נעוועהלטע פון יודישען פאלק, פון נאהענט אונ פון ווייט, דארף אונזער ערשטעס ווארט זיין א דאנק דער שענער און פרייער שטאדט באזעל, וועלכע נעהמט אונז פריינדליך אויף. דער דאנק ווערד אויסגעשפראכען ניט נור פון אונז, וועלכע געפינען זיך דא, גאר אויך פון די אלע וועלכע האבען אונז געשיקט אהער. באזעל, דער באזעלער קאנגרעס' דאס באזעלער פראגראם, דיעזע ווערטער קלינגען פרעהליך אין די אויערען פון אונזער פאלק, און גיבען איהם טרייסט, האפנונג.

צום דריטען מאל זענען מיר דא, אום העלפען א פאלק וועלכעס וויל ווידער אויפלעבען. אין אנהייב איז געוועזען, און אפשר נאך יעצט אויך, אזעלכע מענשען, וועלכע האבען גערעכענט פאר איבריג אונזער צוזאמענקומען אהער, און האלטען רעדען, רעדען פול פון זיפצען. דיא אלע פערגעסען אבער, אז אומעטום ווערד צווישען פאלקס־פערטרעטער נור גערעדט. און קיינער וועט ניט לייקנען, אז אזעלכע רעדען האבען א גרויסע ווירקונג אויף דער געגענווארט און צוקונפט פון פאלק. וויסענדיג דאס, האבען מיר זיך בעמיהט, אונז א ארט צו שאפען, פון וואנען אונזער ווארט זאל געהערט ווערען: אט די יודישע טריבונע!

אויף די טריבונע ווערד אונזער ווילען לויט אויסגעשפראכען. דעריבער איז אונז דיא טריבונע זעהר טייער. אין מיר דארפען זי היטען.

די טריבונע וועט אזוי הויך זיין, וויא די רעדען זענען וועלכע מע וועט אויף איהר האלטען. דאס מוז זיך יעדער פון אונז בעשטענדיג פאר די אויגען האלטען, ווען ער וויל דא צום יודישען פאלק, אדער פאר דעם יודישען פאלק רעדען.

און נאך עפיס. מיר זענען אהער געקומען די לאגע פון אונזער פאלק צו בעטראכטען, און עפענטליך זיך צו בעראטהען, מיט וואס מע קען איהם העלפען. מיר ווילען זיך בעמיהען אום דאס וואהל פון אונזער פאלק, דאס איז אונזער רעכט, דאס איז אויך אונזער חוב.

אז איצטער איז שוין אזוי אנגענומען, אלגעמיינע שוועריגקייטען דורך אלגעמיינע פערזאמלונג צו בערעדען און בעטראכטען, דאס קען

מען לייכט זעהן פון די פריעדענס־פערזאַמלונג, וועלכע זיינע מאַיעסטעט, דער רוססישע קייסער האָט גערופען. פאַר אַ יאָהרען אין דער צייט, האָבען מיר דאָ דערהערט, פון דעם פאָרשלאָג, יעצט איז שוין די פערזאַמלונג געשלאָססען. האטש אפילו זיא האָט איהר צ י ע ל נאָך ניט עררייכט, דאָך אָבער האָט זי עטוואָס עררייכט. אונז קען דאס פאַר אַ ביישפיעל דיענען. אַז די ג ר ו י ס ע פון דער ערד, בעגניגען זיך מיט ל אַ נ ג ז אַ מ ע שריטע פון זייערע העכסטע אידעען, וואָס זאָל מיר אָרימע שוין זאָגען.

מיר מוזען אַלזאָ אונזער אַרבייט פאָרטזעצען. ווען מיר וואָלטען אפילו אין דעם פערגאַנגענעם יאָהר גאָר ניט אויפגעטהון, אָבער אין אמת'ן איז דאס יאָהר פאַר אונז ניט אָהן נוטצען פאַרביי. דאָס פערגאַנגענע יאָהר איז געוועזן אַ ג ו ט יאָהר. מיר האָבען עטוואָס עררייכט. מיר זענען אויף אַ גאַנצע שטיק ווייטער געקומען.

אַ גרויסע ווערטה האָט פאַר אונז דאָס, וואָס דער קייזער ווילהעלם — ווי ס'איז בעוואוסט — האט אונז אַנגענומען, אַלס פאָרשטעהער פון ציוניסטישען אַקט. קאָמיט. דער קייזער האָט שאָן פריער אויך געוויסט אונזערע גרינדע און ציעלע, און האָט אונז זיין סימפּאַטיע פערשפּראָכען. די אויפמערקזאַמקייט פון קייזער ווילהעלם צו אונזער בעוועגונג האָט איהר גערעכטפערטיגט.

נאַטירליך, דאַרפען מיר איהר גערעכטיגקייט פאַר אַלעם, פון טירקישען סולטאַן ערהאַלטען. מיר טהוען אַלעם אָפען. מיר ווילען און קענען דער טירקישער ממשלה דיא בעסטע פאָרטיילע געבען, דעריבער קענען מיר גאַנץ אָפען אויפטרעטען. ווער עס חאַפּט זיך א ר י י ן ע ר ג י ץ־ו ו א ו, קען מען ניט זאָגען אַז ער וויל אָהין עפּיס ברייננגען. און דאס איז אויך די אורזאַכע, פאַר וואָס דער סולטאַן האט אַזוי בעשווערט דאס אַריינפאָהרען אין פאַלעסטינא. ניט מיר האָבען די שוועריגקייט אַרויסגערופען.

ווי ? מע וויל אַ בעפעלקערונג אין אַ לאַנד ברייננגען און פריער דעם גאַנצען פּלאַן ניט אָפען ערקלערען ? קומט איינער ביי נאַכט, אין דער פינסטער, זאָל ער זיך ניט וואונדערן אַז מע האַלט איהם אָב און מע זאָגט איהם : ווער איז ? שטעה ! און שלעכט איז צו איהם אָב ער האט נאָך ניט אפילו קיין גלייכען און פערטיגען תירוץ צו ענטפערען... און איבערהויפּט איז טאַקי גאָר ניט מעגליך אַז אפילו וועלכער ס'איז תירוץ זאָל ניט זיין אין חשד. מיר טהוען אָבער אַנדערס. מיר ערקלערען אָפען אונזער פּלאַן, און ווילען קיין זאַך ניט אַנהייבען צו טהון, ביז מיר וועלען קיין איינשטימונג ניט האָבען, דאָ האַנדעלט זיך ניט דערינען, אונזערע ברידער אַ ה י ן צו ברייננגען נאָר אויך דאָרט זיי ה אַ ל ט ע ן און אין גוטע זיכערהייט.

ליידער איז פאַראַן פיעל צווישען אונזערע ברידער, וואָס, ס'געהט זיי אַזוי שלעכט, וואָס ערגער קען שוין ניט זיין, דעריבער טהוען זיי אַלעס וואָס ס'איז זיי נור מעגליך. אָבער אום נור אומצוקעהרען דעם קראַנקען פון איין זייט אויף דער אַנדערע, דאַרפען מיר ניט אַזוי פיעל געלט און מיהע פערוועדען. פּריוּוען מיר דאָך דעם קראַנקען צו היילען !

און מיר טהוען עס. ניט היינט, מאָרגען, וועלען מיר דאָס דערלאַנגען, אַבי נור מיר וועלען איינ'ג זיין.

אונזער ציעל, וועלכע מיר ווילען עררייכען פאַרלייפיג איז : אַ „פריי־בריעף". אַז מיר וועלען דאָס בעקומען, דאַן וועלען מיר גראָסע פּראַקטישע קאָלאָניזאַציאָן אונטערנעמען.

ניט דער קאָנגרעס אָבער קען דאס פאָדערן, און ניט ער קען אין דעם טהוען. דער קאָנגרעס איז קיין יוריסטישע פערזענליכקייט. אַזאַ פערזענליכקייט איז אָבער די יודישע באַנק. זי ע ק ס י ס ט י ר ט היינט !

דאָס איז אפילו נאָך דערווייל, נור פאַרבערייטונג, אָבער ס'איז אַזעלכע פאַרבערייטונג ווי דאס זייען תבואה אום ברויט צו האָבען. היינט איז עס נאָך ניט קיין ברויט, עס איז אָבער דאס ברויט פון מאָרגען.

גאָר די זאַטע קענען און ווילען אונז ניט פערשטעהן, דערפאַר פערשטעהן אונז אָבער די אָרימע. זיי האָבען די פאַנטאַזיע דער נויטה זיי ווייסען פון היינט און נעכטען ווי שלעכט דער הונגער מאָרגען וועט זיין. און אַזעלכע זענען דאָ הונדערטע טויזענדע אין אונזער פאָלק. די זענען די בעסטע ציוניסטען, וועלכע זענען אפילו ניט אומשטאַנד דעם יעהרליכען שקל צו צאָהלען. ווייל ביי זיי איז דער רעליגיאָנס־געפיהל נאָך גאַנץ שטאַרק, און ווייל זיי ליידען גרויסע נויטה. דאס יודענטהום איז אַ סקלאַד פיר אָרימקייט מיט פיעל אַבטהיילונגען אין אַלע לענדער. מיר מיינען אין דער געזונדער אַרבייט אויף דער געליבטער ערד אונזער היילונג צו געפינען. ז'י אַרבייט זאָל אונזער פאָלק דאס מאָרגעדיגע ברויט פערשאַפען, און אויך די עהרע פון מאָרגען, די פרייהייט פון מאָרגען...

דאָ ראַנגעלט זיך אַ פאָלק פאַר זיינע עקסיסטענץ, עהרע און פרייהייט. עס וויל פון זיין פערשטיקטע לופט אַרויס אין דער זאָנענשיין. דער איצטינער צושטאַנד פון יודען, קען נאָך דריי וועגען פיהרען : 1) דאס רוהיגע ליידען און שווייגען. 2) די אויפלעהנונג, די פיינדשאַפט די שטיפמוטערליכע געזעלשאַפט ; אונזער וועג איז די 3־טע : מיר ווילען זיך אויפהייבען צו אַ העכערע שטופע, אום פאַר זיך ווי אויך פאַר אַלע פעלקער נוטצען צו ברייננגען.

און אַזוי ווי אונזער ליעבער דיכטער האָט דורך זיינע גרויסע שמערצען זיינע ליעדער געמאַכט אזוי זאָלען אונזערע ליידען צו פ אָ ר ט ש ר י ט דער מענשהייט פיהרען, וועלכען מיר דיענען".

צו הענד־פּאַטשעריי און בראַוואָ איז קיין שיעור ניט געוועזן. אַז ס'איז אַביסעל רוהיגער געוואָרען, האָט ד״ר. יאַרק־שטיינער פאָרגעלעזען די נעמען פון די מענשען וועלכע מע לייגט פאָר אין פערשידענע קאָמיסיעס צו קלייבען. דאס קלייבען איז אָבגעלייגט געוואָרען אויף די צווייטע זיטצונג.

נאָכדעם האָט מען אויסגעקליבען נור דעם פּרעזידענט צו דעם קאָנגרעס — ד״ר הערצעל. וויצע־פּרעזידענטען ד״ר נאָרדאָ, ד״ר גאַסטער און פּרופ. מאַנדעלשטאַם, בייזיטצער : פּרופ. ד״ר גאָטהייל, ד״ר כהן־בערנשטיין ; ד. וואָלפסאָן, פינעלעס, ד״ר קאָרנהייזער, ד״ר באַנדענהיימער און יוריסט יאַסינאָווסקי. אַלס שריפטשטעלער : אינזשינער אוסישקין, ד״ר נעמיראָווער צו העברעאיש ; דע האאז — ענגליש ; פרוי גאָטהייל — פראַנצעזיש ; ד״ר קלען, ד״ר מאַרמאָרעק — דייטש ; בן־עמי — זאַרגאָן ; אינזשינער טעמקין — רוססיש.

נאָכדעם בעקומט ד״ר נאָרדאָ דאס וואָרט.

און דאס איז זיין רעדע :

געעהרטע קאָנגרעס־פערזאַמלונג !

די פערטרעטער פון יודישען פאָלק פערזאַמלען זיך היינט צום דריטען מאָל אין דער גאַסטליכער שטאָדט באַזעל. דאס געפיהל מיט וועלכען מיר קומען זיך צונאויף איז איצט גאַנץ אַנדערש, אַזוי ווי אונזערע אויפגאַבען זענען איצט אַנדערש געוואָרען, פאַר 2 יאָהר און פאָריגעס יאָהר האָבען מיר דאָ געלעבט ווי אין אַחלום, עס האָט זיך אונז געדאַכט אַז מיר זעהען ביי זיך אַ גרויסען נס, וואָס מיר האָבען כמעט נישט געגלויבט אויב דאָס איז אַווירקליכקייט, מיר האָבען זיך געפיהלט ווי ברידער, וועלכע זענען טויזענדער יאָהר געלעגען אין קבר און זענען פלוצלינג אויפגעשטאַנען, קוקען זיך אָהן און גיבען זיך שלום. פאַר אַלעמען האָבען מיר זיך געוואָלט פרייען דעריבער וואָס מיר זעהען זיך געזונד און איינער דעם אַנדערען דערצעהלען וואָס מיר האָבען איבערגעליטען אין דער גאַנצער צייט ווען מע האָט אונז געהאַלטען פאַר טויט, ווען מיר זענען געלעגען לעבענדיג בעגראָבען אָהן מנוחה אין קבר, דאַן האָבען מיר זיך בעמיהט צו בערעכענען אונזער לאַגע, אונזער פערהעלטעניס צו די פעלקער, אונזערע האָפנונגען און וואונשע, צו בעטראַכטען ווער ס'זענען אונזערע פריינד און אונזערע פיינד, וואָס עס קען אונז נוטצען און וואָס שאַדען.

דער אינוועונטאַר פון דעם יודישען פאָלק איז געמאַכט ; מיר דאַרפען נור פערצייכענען אַזוי באַלד מאַנכעס פערענדערט זיך ביי אונז. אין פאָריגען יאָהר האָט זיך גאָר ניש פערענדערט, און עס וועט זיך אפילו אַזוי ניך ביי אונז גאָר נישט פערענדערן, ווען מיר אַליין וועלען ניט, מיט איינענע כחות, אַנדערש מאַכען, מיר ציוניסטען. מיר האָבען זיך בערעכענט און בעוויזען אַז ס'העלפט נישט אַבלייקענען דאָס יוד־

דענטום, כדי מען זאל אונז נישט האלטען פאר פרעמדע גרים; מיר האבען בעוויזען, אז ס'איז שקר ווען מען מיינט אז די שנאה צו יודען איז נור דערפאר, ווייל זיי האבען שלעכטע איינענשאפטען, מיר האבען פעהלער אזוי ווי אלע מענשען, אבער הוץ די פעהלער, וועלכע מיר ווילען גאר נישט אבלייקענען, האבען מיר נאך אזעלכע מעלות וואס אנדערע האבען זיי גאר ניט. אוים דעם אלעמען האבען מיר געדרונגען אז מען האט אונז איבעראל פיינד, אז מע פערפאלגט אונז, ווייל מיר זענען וועניגער פון אלע און פערשידען פון אלע אנדערע.

דאס צו איבערענדערן איז נור פאראן 3 מיטלען, ערשטענס: צו איבערענדערן די מענשליכע נאטור, אז די שטארקערע זאלען ניט פערפאלגען די שוואכערע. נו, פרעג איך אייך, אויב דאס איז מעגליך, עס זאל אזוי גיך געשעהען? צווייטענס: זיך גלייך מאכען צו די אנדערע, דאס הייסט, אויפגעבען די איינענע נאציאנאליטעט, דעם גלויבען, די זיטען, די געשיכטע. זאגט אליין אויב דאס איז מעגליך, און איבערהויפט אויב ס'איז כדאי דאס צו טהון? דריטענס: צו זאמעלן די יודען אויף דעם היסטארישען באדען פון זייער אלטער היים, וואו זיי זאלען נישט מעהר זיין א קלענערע צאהל אהן מענשליכע, בירגערליכע רעכטע. איהר האט איינגעזעהען אז דאס דריטע מיטעל איז דאס בעסטע און איהר האט אייך אנגעשלאסען צום ציוניזם וועלכער וויל מיט ד ע ם מיטעל היילען די צרות פון יודישען פאלק.

מיר האבען זיך שוין איין מאל געמאכט א קלארעס בילד פון דער יודישער לאגע. און אז ס'טרעפט זיך אמאל עפיס נייעס, מאכט עס ביי אונז גישט אויס. נעכטען האבען ארבייטער געראביוועט יודישע הייזער אין א בעהמישע פאבריק שטאדט, היינט ראביוועט מען און דערהרג'ט אונזערע ברידער אין י א ס י. א טאג שפעטער איבערפאלט מען ארומע יודישע הוזירער אין ש י ק א ג א. וואס איז דערפון געדרונגען? אז מע האט אונז איבעראל פיינד? אז מיר זענען נור ווי מיט אדינער מויער פון פאליציי־געזעצע פאר דעם צארן פון דעם המון־עם געשיצט? מיר ווייסען דאס אהן די אלע ראיות. און אפילו ווען ס'זאל זיך א גאנץ יאהר נישט איין איינציגעס מאל אזוינס טרעפען, וואלטען מיר אויך נישט געענדערט אונזער מיינונג איבער די אלגעמיינע יודישע לאגע. דאס איז טאקי דער חלוק צווישען אונז ציוניסטען און די אלע קורצזיכטיגע קליינע מענשעל'ך אונטער אונזערע ברידער וועלכע לעבען נור פון דער האנד אין מויל אריין און זענען נישט פעהיג איבערצוקלערען וואס מארגען, וואס שפעטער וועט זיין. אז עס מאכט זיך אמאל עטליכע חדשים רוהיג אהן געשלעג, אהן רדיפות קעגען יודען, רייבען זיך אונזערע אלטע בעלי־בתים מיט די קינדערשע מוחות זייערע הענד מלא שמחה און האלטען אין איין שרייען: געלויבט איז גאט! איצט געהט עס יודען גוט! א נ'עק פון די צרות!"

טרעפט זיך אבער א מאל ערגיץ אין א שטאדט אדער א דארף אז מעווארפט שטיינער אין יודישע הייזער און מען ברעכט יודען די ביינער, א דא הערט מען א געוואלד, א יאמער־געשריי! דענסטמאל ווערען אונזערע קליינע קורצזיכטיגע מענשעליך איבערראשט ווי פון עפיס וואס זיי האבען גאר נישט ערווארטעט:

„איז דאס מעגליך? אזא ווילדהייט, אזא בארבאריי אין אונזער צייט? געוואלט, ס'איז א אומרעכט!"

מיר ציוניסטען מאכען זיך נישט פאלשע האפנונגען אזוי באלד יודען ווערען א י י ן יאהר אין ערגיץ נישט געשלאגען, געהעצט און בערויבט; מיר זענען אויך נישט איבערראשט אז אונזערע ברידער גע־שיעהט עפיס. טרעפט זיך גאר קיין שלעכטס נישט, האלטען מיר עס פאר א נס און דאנקען גאט דערפאר; ווייל מיר פיהלען דען שמערץ פון יעדען איינצעלנען יוד. טרעפט זיך אבער יא, וואונדערן מיר זיך נישט, ווייל מיר ווייסען אז דאס איז א פעולה פון דער אלגעמיינער שלעכטער לאגע וואס מיר האבען זי קלאר דערקענט.

עס איז בעקאנט, אז די געאלאגיע (די וויסענשאפט פון דער ענטשטעהונג דער ע ר ד) ערקלערט זיך די ענטשטעהונג פון דער ערד אויף צוויי פערשידענע ארטען, די איינע הייסט ווולקאניש, די אנדערע נעפטוניש. נאך דער ווולקאנישער טהעאריע ענטשטעהען ימים און יבשות, בערג און פעלזען דורך שרעקליכע ערדציטערניש, אויסבריכע פון פייער, דורך פערזונקען און ארויפקומען פון ערד טהיילע, וועלכע געשעהען פלוצלינג נאך מיליאנען יאהרען און פערענדערן מיט איינמאל דאס אויסזעהען פון דער ערד. די נעפטונישע טהעאריע לערנט אונז, אז לענדער און ימים מיט אלע זייערע איינצעלהייטען ענטשטעהען ביסליכווייז דורך לאנגזאם ווירקענדע נאטורקרעפטע, וועלכע ארבייטען בעשטענדיג און מאכען יעדע רגע קליינע, נישט בעמערקליכע פערענדערונגען, אוים וועלכע ס'מאכען זיך ערשט נאך טויזענדער יאהרען העכערע און טיעפערע שטעלען אויף דער ערד און אין ימים. די ווולקאנישע טהעאריע מאכט אויס דער געשיכטע פון דער ערד עפיס א אונגעהייערע סצענע, א מין טעאטער־שטיק וואס קען דעם געמיינעם עולם געפעלען, די נעפטונישע טהעאריע איז שטילער, רוהיגער, אבער זי איז איבערצייגענדער פאר א מענשען מיט ערנסטען גייסט וואס איז געוואהנט דען געוועהנליכען פארגאנג אין דער נאטור צו בעטראכטען. צווישען די, וועלכע זאגען זייער מיינונג איבער יודישער היסטאריע פון פערגאנגענהייט, געגענווארט און צוקונפט געפונט מען אויך אנהענגער פון דער ווולקאנישער און נעפטונישער טהעאריע.

די ווולקאניסטען בעמערקען נור די גרויסע יודען־פערפאלגונגען וואס טרעפען זיך צייטענווייז, די יודישע געשיכטע איז ביי זיי נור א געשיכטע פון יודישע קאטאסטראפען. נאך הורבן־הבית קומען די קרייץ־ציגע; נאך דעם גרוש פון ענגלאנד און פראנקרייך, די פערטרייבונג דער יודען פון שפאניען; נאך די הריגות פונ'ם יאהר ת"ח די פאגראמען און אונזער צייט. ביי די נעפטוניסטען אבער — צו וועלכע אויך א י ך געהער — זענען קאטאסטראפען נישט אזוי וויכטיג, זיי מעגען זיין ווי גרויס און שרעקליך, אז מיר זאלען זיי האלטען פאר די איינציגע און וויכטינסטע קרעפטע וועלכע מאכען די יודישע געשיכטע. מיר בעטראכטען נור די געוועהנליכע פערהעלטניסע, וואס זענען איבעראל גלייך און הערען קיינמאל נישט אויף, און זייער פעולה אויף די לאגע פון יודישען פאלק.

אלע פעלקער, אפילו די בעריהמטעסטע און שטארקסטע, האבען אין דער פערגאנגענהייט ערלעבט גרויסע אומגליקען, רעוואלוציאנען, בירגערקריעגע און שרעקליכע מפלות, וואס זיי האבען געמיינט, זיי וועלען שוין קיינמאל נישט קענען אויפשטעהן. פונדעסטוועגען האט עס זיי נישט אויף לאנג געשאדעט און זיי האבען זיך אין דער געשיכטע גלענצענד ענטוויקעלט. ווי קומט דאס ווייל זיי האבען צווישען די מפלות און אומגליקען געהאט הונדערטער און צעהנדלינגע יאהרען פון מנוחה אין וועלכע זיי האבען זיך געקאנט ערהאלען. און דאס איז דער עיקר. דאס יודישע פאלק װאלט, מיט זיין אונפערוויסטליכער לעבענסקראפט, געוויס געקאנט איבערטראגען די שרעקליכסטע קאטאסטראפען, ווען עס זאל געוועזען אין דער צווישען־צייט האטש האבען רוה און לעבען אזוי ווי אלע אנדערע פעלקער. דאס האט איהם אבער געפעהלט און פעהלט איהם נאך היינט. מיר לעבען ווי חיות אין די העהלען — אונז לייכט נישט די זון פון גערעכטיגקייט. מיר לעבען ווי בעשעפענישען אין טיעפען ים אונטער א שטארקען דרוק — פון מיסטרויען און פעראכטונג. מיר לעבען זייט הונדערטער יאהרען און א אייז־צייט — ארום אונז איז א ביטערע קעלט פון שנאה. דאס זענען די בעשטענדיגע קרעפטע וועלכע ווירקען אויף אונז אהן גערייש, אהן ליארם, אונטער וועלכע מיר געהען אבער לאנגזאם, ביסליכווייז צוריק, אראפ און אראפ.

איך בין מודה ומתודה אז איך גלייב נישט, עס זאלען אין דער צוקונפט זיך טרעפען אזעלכע שרעקליכע יודענפערפאלגונגען ווי אין א מאלינע צייטען, אבוואהל פון די נעכטיגע עראייגניסע ווייזט אויס, אז ס'איז היינט אויך נאך מעגליך א גאנץ פאלק אויסצוהרג'נען. איך קען מיר נישט גלויבען, אז מען וועט צעהנטויזענדער פון אונזער פאלק איבערפאלען, אדער מען וועט אלע יודען פון ערגיין א לאנד ארויסטרייבען, אבוואהל טויזענדער און הונדערטטויזענדער ווערען אזוי בעהאנדעלט, אז זיי מוזען אליין „פרייוויליג" אנטלויפען. עס איז היינט פאראן איין איירופעאיש געוויסען, א מענשליכקייטסגעוויסען, וועלכעס האט פאר־ט

„פֿאַר דער וועלט" אַביסל בּושה. אָבער פֿונדעסטוועגען בין איך דאָך איבערצייגט, אַז אונזער אייז־צייט וועט נאָך לאַנג דויערן, אַלענפֿאַלס לענגער אַלס מיר קענען זי איבערטראָגען מיט אונזער בעריהמטען לעבענס־כּח, פֿון וועלכען איך האָב עבען געשפּראָכען.

מען שטאַרבט אונטער דעם מעסער און אויף דעם שייטער־הויפֿען, אָבער דער וואָס ס'ווערט געפֿרוירען איז אויך טוידט, און דער וואָס זינקט אַלע מאָל טיעפֿער דורך מאַנגעל אין רעכטע און דורך פֿעראַכטונג איז נישט בעסער ווי געשטאָרבען.

דאָס יודישע פֿאָלק בעפֿרייען פֿון דעם שטענדיגען, גלייכען, שווערען דרוק, איז די אויפֿגאַבע פֿון דעם ציוניזם. ווי אַזוי וויל ער דאָס אויספֿיהרען? איין פֿאָלק מיט געזיכערטע רעכטע פֿון אייגענער פֿערוואַלטונג, נישט דוקא מיט אַ אייגענער מלוכה, בעזעצען אויף זיין אייגענעם באָדען, דאָס איז איין הערפֿאָרראַגענד פּאָליטישעס ווערק און דערצו זענען נעטהיג מאַכטמיטלען.

וועלכע זענען אַלזאָ אונזערע מאַכט־מיטלען? מיר האָבען אויף אונזער צד דאָס היסטאָרישע גרויסקייט און דאָס זיטליכע שיינקייט פֿון דעם ציוניסטישען רַעיון. מיר זענען אַ פֿאָלק וועלכעס האָט די לעבענס־אויפֿגאַבע, דעם געדאַנקען אין וואָרט און שריפֿט צו פֿערברייטען, מיר וויסען אויך דעם ציוניסטישען געדאַנקען, פֿאַר זיך אַליין, ווי ס'געהער זיך, צו שעטצען. מיר וואָלטען אָבער געווען אונפּראַקטישע שווערמער, ווען מיר זאָלען נישט איינזעהען, אַז ווען די מאַכט פֿון איין געדאַנקען זאָל אויך ווירקען אויף מעכטיגע פּאָליטיקער און זיי בעוועגען עפּיס צו טהון, מוז זי אויך פֿערברייטעט און איבערטראָגען ווערען אויף אַנדערע.

איין אַנדער מאַכטמיטעל, דאָס נייטיגסטע, איז געלד. דאַריבער וועט אייך דער בעריכט פֿון אַקציאָנס־קאָמיטע דערצעהלען.

איין מאַכטמיטעל האָבען מיר אָבער שוין היינט, און דאָס איז דער פֿאָלקס־ווילען. און דעריבער איז נישט צו לאַכען! דער רָצוֹן פֿון אַ פֿאָלק וואָס צעהלט 10 מיליאָנען, מעג עס זיין צעזייעט און צעשפּרייט אויף דער גאַנצער ערד, איז איין פּאָזיטיווע, ווירקליכע קראַפֿט מיט וועלכער עס רעכנען אפילו די רעאַליסטישעסטע פּאָליטיקער, אָבער פֿאַר אַלעמען מוז דער פֿאָלקסווילען פֿאַראַנען זיין און מוז קלאָר און דייטליך זאָגען וואָס ער וויל. אום די גאַנצע וועלט זאָל אונז ערנסט האַלטען מוז דאָס יודישע פֿאָלק זיך אַליין ערנסט האַלטען, מוז עס אָנמעלדען זיין פֿערלאַנגען, זיין פֿאָרדערונג.

ווי קענען מיר ערוואַרטען אַז די וועלט זאָל אונז אַנערקענען פֿאָלקסרעכטע און אונז אָנווייזען איין פּלאַץ צווישען די פֿעלקער, בעפֿאָר זי איז נאָך אינגאַנצען איבערצייגט אַז מיר זענען בֶּאֱמֶת איין פֿאָלק און מיר ווילען עס בלייבען?

מיר ציוניסטען ווייסען עס, אָבער די וועלט וויל עס אונז נישט גלויבען, אַזוי לאַנג זי הערט צווישען יודען אַליין ווילד־משוּנה'דיגע קולות שרייען, אַז ס'איז נישט אֱמֶת.

דעריבער מוזען מיר זיך פֿאַר אַלעמען מיט אונזערע אייגענע יודישע שוֹנְאִים אויסטַענה'ען — וואָרום דער ציוניזם האָט איבערהויפּט נור י ו ד י ש ע געגנער — כדי די וועלט זאָל געוואָר ווערען, ווער ס'האָט אַ רעכט צו רעדען אים נאָמען פֿון דעם יודישען פֿאָלק. ביז איצט האָט מען נור געהערט אונזערע געגנער. א י י ן שרייער ווערט מעהר געהערט ווי טויזענד שטילע. דעריבער האָט מען אונזערע געגנער געהאַלטען פֿאַר'ן גאַנצען יודישען פֿאָלק. מיר מוזען דעריבער דער וועלט צו פֿערשטעהן געבען, אַז נישט די געגנער פֿון ציוניזם, נאָר די ציוניסטען פֿערקערפּערן אין זיך דאָס יודישע פֿאָלק.

מיר יודען האָבען תמיד בְּקַבָּלָה, אַז דער קלענערער טהייל איז דער לעבענדיגער, וויכטיגער טהייל פֿון יודישען פֿאָלק. נישט די 22,000 און נישט די 10,000, נאָר די 300 אויסגעקליבענע מענער פֿון גִדְעוֹן איז בעשערט געווען עֲמָלֵק (מִדְיָן ?) צו בעזיעגען. אונזערע רַבָּנִים געהען נאָך ווייטער און בעהויפּטען אַז צו ליעב דעם זְכוּת פֿון ל"ו (36) צַדִיקִים לעבען מיר. די ציוניסטען וואָלטען זיך בעגנוגנט מיט דעם כָּבוֹד, צו זיין די ל"ו צדיקים אָדער די 300 מענער גדעונ'ס וועלכע קעמפּפֿען און זיעגען פֿאַר'ן גאַנצען פֿאָלק. מיר מוזען אָבער דערויף רעכנען וואָס מאַנכע וועט נישט געפֿעלען דער שטאָלצער אַריסטאָקראַטישער גייסט פֿון אונזערע אָבוֹת, וועלכער האָט דעם קלענערען טהייל געהאַלטען פֿאַר בעסער. מיר מוזען ווייזען אַז נישט נור די מינדערהייט, די ווייניגע אויסדערוועהלטע, נאָר די פֿיעלע, די גרויסע מאַסען זענען מיט אונז.

אויפֿ'ן ערשטען בליק מוז מען זיך דעריבער וואונדערן, וואָס די מיליאָנען יודען האָבען זיך נאָך נישט אויסדריקליך ערקלערט פֿ א ר 'ן ציוניזם. אונזערע געגנער דרינגען דערפֿון, אַז זיי זענען געגנער. מיר האָבען מעהר רעכט דערפֿון צו דרינגען דאָס געגענטייל. עס איז אָבער גענוג טרויריג, אַז מיר מוזען זיך דאָס נור מְשַעֵר זיין. פֿאַרוואָס שרייען עס די מיליאָנען נישט אַרויס אויף אַ הויך קול: „מיר זענען ציוניס־טען!" — אָבוואָהל זיי זענען עס דאָך אין האַרצען גאַנץ געוויס? פֿאַרוואָס? עס איז אַ בּושה צו זאָגען. ס'איז נאָך פֿאַראַן מיליאָנען יודען וואָס ווייסען נאָך גאָר נישט פֿון דער ציוניסטישע בעוועגונג. זיי בענקען דערנאָך און זענען נאָך נישט געוואָר געוואָרען אַז זייער בענקען און האָפֿען איז געוואָרען אַ פּראָגראַם פֿון אַ פּאָליטישער בעוועגונג. זיי בעטען יעדען טאָג צוריקצוקעהרען נאָך ירושלים און זיי אַהנען גאָר נישט אַז מיר אַרבייטען מיט אַלע כּחות אום די ריקקעהר פֿאָרצובערייטען. דאָס טרויריגע איז אָבער וואָס זיי זענען אין דעם נישט שולדיג. זיי הערען אונז נישט, לעזען נישט קיין צייטונגען, קומען נישט צו אסיפות. דער שווערער קאַמפּף פֿאַר פַּרְנָסָה פֿאַר־נעהמט זיי די צייט און דאָס אינטערעסע פֿיר אַלעם וואָס בעריהרט נישט דעם ביסען ברויט פֿון דעם אויגענבליק. אָבער זיי געהען אין שוהל, מייסטענס יעדען טאָג, אַלע אָבער שַבָּת און יום־טוב. זיי קוקען אויף זייערע ראַבינער וועלכע זענען זייערע לעהרער; זיי פֿאָלגען דעם ראַבינער. — די רבנים האָבען געהאַט די פֿפֿליכט זיי צו דערצעהלען די גוטע בְּשוֹרָה פֿון דער נייער בעוועגונג: פֿאַר וואָס האָבען זיי נישט ערפֿילט די דאָזיגע פֿפֿליכט?

פֿערשטעהט זיך, אַז איך מיין נישט די אויפֿגעקלערטע ראַבינער פֿון מַעֲרָב וועלכע הייסען פּראָטעסטראַבינער; מיט זיי זענען מיר שוין פֿערטיג און דאָס יודישע פֿאָלק וועט מיט זיי אויך באַלד פֿערטיג ווערען. איך מיין די א מ ת פֿ ר ו מ ע רַ בָּ נִ י ם פֿ ו ן מִ זְ רָ ח, וואָס אין זייער אמת יודיש האַרץ וועט קיינער נישט צווייפֿלען. אָט די רבנים פֿרעגען מיר: „פֿאַר וואָס שטעהט איהר פֿון דער ווייטענס? פֿאַר וואָס שווייגט איהר? פֿאַר וואָס פֿיהרט איהר נישט אייער געמיינדע, וואָס פֿאָלגט אייך, אונטער דער פֿאָהן פֿון דוד אין ציוניסטישען לאַגער?

מע שמיעסט, אַז די רבנים טרויען אונז נישט, זיי האָבען מוֹרָא אַז מיר ווילען חָלִילָה שאַדען דער רעליגיאָן. ווי איז דאָס מעגליך? מיר האָבען דאָך מעהרערע מאָל עפֿענטליך ערקלערט, אַז מיר ווילען די רעליגיאָן נישט בעריהרען, אַז אין ציוניזם, קען זיך יעדער פֿריי בעהאַלטען זיין רעליגיעזע איבערצייגונג! און אַז זיי גלויבען פֿאָרט נישט ד ע ר ערקלערונג, מוזען זיי דאָך בערעכנען אַז אַלעס איז ביי זיי אין דער האַנד! מיר זענען איבערהויפּט נישט אין שטאַנד זיי אונזער ווילען אויף צו דרענגען.

קומט צו אונז, איהר פֿרומע, איהר, וואָס איהר ווילט אונז נישט טרויען. מיר זענען לְעֵת־עַתָּה נור הונדערטטויזענדע, איהר וועט דאָך זיין מיליאָנען, און ס'וועט אַזוי זיין ווי די מיליאָנען, נישט ווי מיר ווילען פֿערלאַנגען. איהר קענט אין א י י ן טאָג אויף א י י ן מאָל 9 צעהנטעל פֿון דעם יודישען פֿאָלק, וועלכע זענען ציוניסטען אין האַרצען, מאַכען פֿאַר מענשען וואָס ווילען רעדען און טהון פֿאַר ציוניזם . . .

און די געבילדעטע יודען אין מַעֲרָב הערען נישט אויף קעגען אונז צו קעמפּפֿען, אָדער זיך גאָר נישט וויסענדיג צו מאַכען און האַלטען אין א י י ן שרייען, אַז די יודען זענען קיין פֿאָלק נישט. נור זיי אַליין לייקענען דאָס, אָבער די פֿעלקער זענען דאָס מודה דורך אויסשליעסען אונז. זיי זאָגען: „צו אונזער פֿאָלק געהערט איהר יודען נישט, איהר מעגט אפילו האָבען רעכטע פֿון שטאַאַטסבירגער", און

אונזערע געגנער פערשטעהען דאס נישט און קענען דאס נישט בער־רעכנען, אז די אלע „ניין" צוזאמען בעווייזען א „יא", אז ס'איז דא א יודיש פאלק. אין אנפאנג האבען מיר אויף זיי שטארק פאראיבעל געהאט. מיר זענען איצט רוהיגער, מיר פערשטעהען זיי, און אלעס פערשטעהען הייסט אלעס פערצייהען. עס איז זיי נישט אזוי לייכט געווען צו בעקומען איין פאטערלאנד און שטאאטסבירגער־רעכטע און זיי האבען שטארק מורא זיי וועלען דאס אלעס פערליערען. וואס זיי האבען זעהען זיי, וואס דער ציוניזם וועט זיי געבען זעהען זיי נאך נישט ווייל זי זענען נישט פעהיג צו קוקען אויף דעם וואס אין דער צוקונפט וועט זיין. היינט דאכט זיך אז דער ציוניזם שטערט זיי און זיי קעמפפען קעגען איהם. אבער טאקי דיזעלבע איינענשאפט פון גייסט און כאראקטער בעווייזט מיר, אז זיי וועלען אמאל דעם קאמפף אויפגעבען, דאמאלס ווען זיי וועלען זעהען אז מיר האבען עטוואס ערר ייכט. אין קאמפף האבען מיר אויף דיזע יודען נישט וואס צו רעכנען: זיי וועלען אונז הונטען ארום אליין אנגרייפען. אין זיעג וועלען געוויס פיעלע פון זיי צו אונז קומען. נו, און מיר וועלען זיי גאנץ שיין אויפנעהמען. זיי זענען נעביך נישט שולדיג דארין, וואס זיי האבען נעביך אזוינע קורצזיכטיגע קליינע נפש'ליך.

איהר וועט אפשר שטוינען פון מיר צו הערען, אז איך האב אנגעהויבען אפילו אונזערע אבטריניגע, די יודישע אנטיסעמיטען וואס קריכען ארום אין די אדעליגע סאלאנען, נישט אזוי שטרענג צו בער־אורטיילען. איך האב געזעהען ווי מען ברענט זיי און בראט זיי אין אריסטאקראטישע, מיינסטענס אנטיסעמיטישע געזעלשאפטען. איך האב געהערט דורך וואס פאר גיהינם זיי מוזען נעביך קריכען ביז ס'געלינגט זיי אריינצוקומען אין איין אנטיסעמיטישען אדעלס־קרייז, ביז ס'איז זיי ערלויבט צו טאנצען אויף א גרעפליכען באל אדער עפיס א הערצאג־ליכען קבצן געלד צו לייהען. דא האב איך ערשט פערשטאנען ווער און וואס די לייט זענען. איך האב באלד דערקענט אז זיי זענען אמת'ע זיהן פון זייערע גרויסע אבות, וועלכע האבען פערלוירען זייער עדלעם לעבען אויף דער פאלטערבאנק און שייטערהויפען. אויך זיי, די היינטיגע, ליידען נעביך פריוווילינ פערשידענע מארטערן און אפילו דען פייער־טויט, אויך זיי בעווייזען אזוי פיעל העלדענמוטה, אום דאס יודענטום צו פערלייקענען, ווי זייערע אבות האבען בעוויזען אום דעם יודענטום טריי צו בלייבען.

לאמיר נישט ברוגז זיין אויף די ארומע בלוטיגע עדות פון דער אסימילאציאן. עס איז גענוג, ווען מיר וויסען פון זיי נישט, אזוי ווי זיי ווילען פון אונז נישט וויסען. פערלאזען מיר אויך די „פראקטישע", וועלכע ווארטען מע זאל אונז אין קאמפף די ביינער צעברעכען און ערשט אז מיר וועלען זיעגען, ווילען זיי צו אונז קומען. דאגעגען אבער מוזען מיר קומען צו די יודישע מאסען וועלכע האבען פון ציוניזם גאר נישט אדער נישט דאס ריכטיגע געהערט. ווען אונזערע נאטירליכע מיטארבייטער, די רבנים וועלען אונז נישט אונטערשטיצען וועלען מיר זיך מוזען בעגעהן אהן זיי. מיר מוזען און וועלען עס ערר ייכען, אז די אונגעהייערע מעהרהייט, דער רוב פון יודישען פאלק זאל לויט און אפען פאר דער גאנצער וועלט זיך בעקענען, אז ער וויל פיהרען א נאציאנאלעס לעבען.

נאר דערצו איז נייטיג, אז יעדער איינציגער ציוניסט זאל תמיד און איבעראל געדענקען זיין הייליגען חוב. א ציוניסט דארף נישט זיין אונטעטיג, בעקוועם און א סך קלעהרען, נאר ער מוז טהון. מיר מוזען אהן אויפהער פרעדיגען, בעלעהרען, צוציהען. דאס סיגנאל אויף דער פאהן פיר אונזער גאנצע הייליגע ארמעע מוז לויטען:

„ישראל ערווארטעט אז יעדער וועט טהון זיין פפליכט און שולדינקייט!"

נאך נארדא'ס רעדע האבען אלע שטארק אפלאדירט און די זיצונג איז געשלאסען געווארען.

---

נאכמיטאגס זיטצונג:

ד"ר הערצעל עפענט די זיטצונג. גלייך נאכדעם דערמאנט ער די נעמען פון אלע פערשטארבענע גוטע ציוניסטישע מיטארבייטער, וועלכע זענען אין דעם לעצטען יאהר געשטארבען. אלע האבען זיך געשטעלט פון די געשטארבענעם כבוד וועגען.

נאכהער האט ד"ר הערצעל פארגעלעזען בעגריסונגס־טעלעגראמעס, וועלכע זענען דעם טאג אנגעקומען פון אלע עקען דער וועלט. יעדע טעלעגראמע איז בעגלייטעט געווארען מיט גרויסע אפלאדיסמענטען. בעזאנדערע התפעלות האט ארייסגערופען א בריעף, וועלכען ס'האט געבראכט צום קאנגרעס ד"ר שליאפאשניקאוו פון הארקאוו, פון איינינע טויזענד טשערקעסען פאמיליען, פון קאווקאז, וואו זיי דריקען אוים זייער הייסעסטען וואונש זיך צו פעראייניגען מיט אלע יודען אין דעם ציוניזם.

נאכדעם אויסהערען איינינע בעמערקונגען צום געשעפטס־ארדנונג, האט ארכטעקטאר מארמארעק געלעזען, אין נאמען פון אקט. קאמ., זיין בעריכט איבער די מעשים וואס דער ציוניזם האט אין אלגעמיין אויפגעטהון אויף דער גאנצער וועלט.

ער גיעט איין אלגעמיינעס בילד פון דער גרויסער פראפאגאנדא וואס איז געפיהרט געווארען אויף דער גאנצער וועלט, און דאנק דעם איז דער ציוניזם אויף א דריטעל געוואכסען. דער "שקל" איבעררייכט פיעל ווייטער ווי הונדערט טויזענד. האטש, ווי מיר ווייסען, האט מען דאס יאהר א שטארקע אגיטאציע געפיהרט אויך פאר דער באנק.

אויב מיר ווילען זיך מאכען א ריכטיגען בעגריף, ווי אויסגעברייטעט איז דאך די ציוניסטען אידעע, איז גענוג מיר זאלען זיך פארשטעלען, אז אין די שקלים ווי אין די אקציעס, האבען גענומען אנטהייל יודען: פון בוכארא און טורקעסטאן ביז נייזעעלאנד. אפילו די יודען וועלכע וואהנען אין באראן הירש'ס קאלאניעס אין ארגענטינא געבען אויך זייער שקל אויף פאלעסטינא... אזוי טהוען אויך די יודישע קאלאניסטען אין זיד־רוסלאנד. אפילו די טשערקעסישע "בערג־יודען" האבען היינט דא זייער דעלעגאט (גרויסער בייפאל).

אין ענגלאנד, נארד־אמעריקא, קאנאדא און זיד־אפריקא האבען זיך ציוניסטישע פעדעראציאנען (פעראיין פון עטליכע חברות צוזאמען) געבילדעט, וועלכע ווייזען זעהר גרויסע טהעטיגקייט.

ביי אזא אויסברייטונג פונ'ם ציוניזם, איז קיין וואונדער ניט, אז דער באנק איז געגרינדעט געווארען, און דריי מאל הונדערט טויזענד אקציעס זענען אונטערשריבען געווארען. וואונדערבאר איז גיכער דאס: אז א געוויסע צאהל מענשען, געלערטע, וועלכע האבען קיינמאל מיט קיין באנקען און געלד־זאכען ניט געהאט צו טהון, האבען אנגע־הויבען זיך משתדל זיין א באנק צו גרינדען, און עס איז זיי געראטען. אמת, קיין קאפיטאל פון 2 מיליאנען איז ניט עררייכט, אבער דער מינימום, 250,000, איז אויך ווייט איבערשטייגט געווארען. דער באנק איז איצט געגרינדעט! (גרויסער בייפאל)

און דאס אלעס איז אויף געטהון געוואר'ען, האטש אפילו אונזערע יודישע געגנער האבען ניט געקארגט קיין מיהע, אונז ווי ווייט מעגליך איז צו שטערען. — ער דערצעהלט אויך, אז א לעבענדיגען גייסט איז איצטער צו בעמערקען אין ציוניזמוס. עס ווערען טור־ספארט־און געזאנג־פעראיינען געגרינדעט, ביבליאטעקען געעפענט אונ פאלקסטימליכע רעדען געהאלטען. עס איז צו האפען, אז סוף כל סוף וועט זיך דאס צווייטויזענד־יעהריגעס צוזייעטע פאלק פעראייניגען!

מיט גרויסען בייפאל איז דער גרויסער רעפעראט פון וועלכען מיר ברייננען דא א קצור — אויפגענומען געווארען פון דעם פובליקום. נאכדעם האט ד"ר קאקעש אויך זיין בעריכט געלעזען איבער די פינאנס־רעכנונג פון אקציאנס־קאמיטעט.

און דאס איז דער השבון פון הכנסה מיט הוצאה בקיצור:

פון פאר א יאהרען איז צום 31 אוגוסט 1898 געבליבען 61,252,67 פראנק. דערפון איז אראב אויף אגיטאציע אין ר. 18,777,67 פראנק; אויף אגיטאציע אין רומעניען 2,283,60 פראנק, פערשידענע אנדערע פאר־דערונגען — 5,187, בלייבט מזומן 35,004,40, דערצו איז צוגעקומען: 1) שקלים 114,307,15 2) נדבות 2,005 3) ערטראג פון אגיטאציאנס־

מיטעל 1,928,35 אַנדערע הכנסה 4904,10, גענאַמט־איננאַהמע אַלזא איז: — 158,212, זאַלדא־פאַרטראַג 15,457,75, דערפון אין וויען 9,711,99, רוסלאַנד 5,334, רומעניע 411,76 סך־הכל 15,457,75, דא קומען נאָך פערשידענע הוצאות, וועלכע איך רעכין איבריג אב צו שרייבען.

אין אַלעמען איז גענוען הַכְנָסָה 158,212 הוֹצָאָה 042,754 פר.

נאכדעם האט זיך אנגעהויבען דעבאַטען איבער דיא צוויי בעריכטען. — פרעזידירט האט ד"ר מ. נארדא.

יוריסט בנטויטש פון לאנדאן דערצעהלט, אַז דיא ענגלישע ציוניסטען האבען אויף אגיטאַציע אפילו איין שקל ניט פערנוצט, אַלע הוצאות האָבען איינינע מענשען פון אייגענע קעשענע גענעבען, און בעקלאָגט זיך דערויף, פאַר וואָס מע האָט ניט ווי געהעריג, אין אַלגעמיינעם רעכנונג, געשילדערט די אַלע מַעֲשים־טוֹבִים וואָס די ענגלישע ציוניסטען האָבען אויפגעטאָן.

ד"ר שליאַפּאָשניקאָוו בעקלאָגט זיך דערויף, פאַר וואָס אין דעם רעכנונג איז ניטא אויספיהרליך וויפיעל ציוניסטישע חֲבְרוֹת איז דאָ אויף דער וועלט, ווי פיעל ציוניסטען, וויפיעל אין יעדער לאַנד בעזונדער. ער בעקלאַגט זיך ווידער דערויף פאַר וואָס האָט מען ניט געדרוקט דעם פינאַנס־רעכנונג פאַר דעם קאָנגרעס, אַזוי אַז יעדער דעלעגאַט זאָל איהם קענען דורכלייענען; פאַר וואָס שטעהט ניט אין חֶשְׁבּוֹן, ווי ווייט האָט מיט־געווירקט דער וויענער אַקציאָנס־קאָמיטעט, וויפיעל האָט ער געהאָלפען זיינע מיטגליעדער אין אַנדערע לענדער אין זייער אַרבייט; פאַר וואָס איז דאָרט ניטא אפילו קיין רֶמֶז דערויף ווי זענען די פערהעלטניס צווישען דעם אַקט. קאָמיט. און אַנדערע חֲבְרוֹת, וועלכע טהוען אויך פאַר קאָלאָניזאַציא; פאַר וואָס איז ניטאָ קיין סטאַטיסטיקא, אום מיר זאָלען קענען וויסען וויפיעל נעפינען זיך ציוניסטען אין ערך מיט ניט־ציוניסטען, מיר זאָלען קענען דערפון מְשַׁפֵּט'ן וואָס פאַר אַ פלאַץ פערנעמט דער ציוניזם אונטער יודען.

ד"ר הערצעל ענטפערט, אַז מע האָט קיין חשבון ניט געקאָנט דרוקען פאַר דעם קאָנגרעס, ווייל מע האָט צו שפּעט ערהאַלטען די הֶשְׁבּוֹנוֹת פון פערשיעדענע ערטער.

ד"ר נעמיראָווער בעקלאַגט זיך אויך פאַר וואָס מע האָט כמעט ניט דערמאָנט די רומענישע ציוניסטען. האָטש אפילו זיי טהוען דאָרטען זעהר פיעל אפילו ביי איצטיגע זאָלכע שווערע צייט. ער דערצעהלט, אַז אין יאַסי און אין גאַלאַץ זענען דאָ צוויי גימנאַזיסטישע חברות וועלכע לערנען העברעאיש און יודישע געשיכטע.

פּרופ. גאָטהייל: נאָך רוסלאַנד — זאָגט ער — איז אין אַמעריקאַ דער גרעסטע צאָהל פון יודישע איינוואָהנער צו רעכנען. דאָך איז דאָרט זעהר שווער געווען פון אָנהייב דעם ציוניזם צו פערברייטען. די אָרימע זייען פערטהוען אין דַאְגוֹת־פַּרְנָסָה און די רייכע פעהלט קיין זאַך ניט. די ערשטע ציוניסטען אין אַמעריקאַ זענען די רוסישע יודען דאָרטען געווען. פון דעסטוועגען ווערט דאָך דער ציוניזם אַלס מעהר פערשפּרייט און פערשפּרייט. ס'איז אפילו דאָ פיעל, וועלכע וואַרטען נור ביז מע וועט עפנען ציונס טויערן פאַר אונז, דאַן וועלען זיי מיט אונז מיט־געהן... פאַר אַ פאַר וואָכען, איז שלום געוואָרען צווישען חובבי־ציון אין ניואָרק און ציוניסטען, אין ניואָרק איז דאָ צוויי און דרייסיג ציוניסטישע חברות, וועלכע האָבען זיך איין צענטער. אין קאַנאַדאַ זענען כִּמְעַט אַלע יודען ציוניסטען. און בִּשְׁעַת מיר רעדען דאָ איצט איבער ציוניזם, שטעהט דער רעוועראַנד אונזערער אין סַן־פראַנציסקאָ און רעדט פאַר די דאָרטיגע יודען אויך איבער ציוניזם.

פרוי פרופ. גאָטהייל, דערצעהלט אַז פון פאַר אַ יאָהרען ביז היינט איז גרויסע פאָרשריטע אין ציוניזם געמאַכט געוואָרען. ס'איז כִּמְעַט ניטאָ איין שטאָדט ווי ס'זאָל ניט זיין קיין פרויען ציוניסטישע־פעראיין. זי דערמאָנט צו גוטען אַ גרויסע ציוניסטקע פריילין פישמאַן, וועלכע האָט אפשר צעהן ציוניסטישע פעראיינען געגרינדעט, און פרוי ג. האָט געענדיגט דערמיט, אַז די פרויען דאַרפען אויך טהון פאַר דעם ציוניזם אום זייערע נעמען זאָלען אויך אין דער יודישע געשיכטע דערמאָנט ווערען...

ד"ר כהן־בערנשטיין, אויב ענגלאַנד בעריהמט זיך דערמיט וואָס זיי האָבען אויף אַגיטאַציע פון שקלים ניט גענומען דערפאַר ווייסען מיר אָבער אויך ניט וואָס פאַר אַ אַגיטאַציע איז דאָרטען געפיהרט געוואָרען. מיר האָבען גענומען אויף אַגיטאַציע, און מיר ווילען דאָ אויך טאַקי דערצעהלען וואָס מיר האָבען אויפגעטהון. אין קורצען האָט ער דערצעהלט פון דעם ציוניזם אין רוסלאַנד — ווי אונז איז שוין בעקאַנט — און האָט געענדיגט דערמיט אַז מיר טהוען אין אַלע דריי ציוניסטישע ריכטונגען, אין פּאָליטישען, פּאַלעסטינישען, און קולטורנע. וואָס איז ביי אונז די קולטורא? גאַנץ איינפאַך: דאָס פאָלק אייראָפּייעזירט זיך און די געבילדיטע ווערען יודישער...

גאָכדעם אַז ס'זענען געוועהלט געוואָרען די קאָמיסיעס צו בעשעפטיגען זיך מיט זייער אַרבייט, פערשיעדענע פראַגען צום קונגרעס בעאַרבייטען: קולטור־קאָמיסיאָן; קאָלאָניזאַציאָנס־קאָמיסיאָן; אָרגאַניזאַציאָנס־קאָמיסיאָן און אַגיטאַציאָנס־קאָמיסיאָן — איז די זיטצונג געשלאָסען געוואָרען.

---

16 אויגוסט.

ערשטע פאָרמיטאַגס זיצונג.

10 אַ זייגער האָט זיך די זיצונג געעפענט. אויף די גאַלעריע איז פיעל פיעל וועניגער מענשען. אפשר אַ פאַר הונדערט וועט זיין. צווישען דעם פרעזידיום איז ד"ר נאָרדאָ אויך ניט צו בעמערקען, ער איז נאָך נעכטען ביי־נאַכט אַוועקגעפאָרען צוריק קיין רֶעןָ, וואו מע מְשַׁפֵּט יעצט דרייפוסען.

ד"ר הערצעל האָט די זיטצונג געעפענט, מַזְכִּיר־נְשָׁמוֹת געווען די געשטאָרבענע און נאָכהער פאָרגעלייענט ניי אָנגעקומענע בעגריסונגס־טעלעגראַמען. ער פערלאָזט דאָס פלאַץ. ד"ר מאַנדעלשטאַם איזט פאָרזיצענדער.

ווידער איז גערעדט געוואָרען איבער אַרכיטעקטאר מאַרמאָרעק'ס רעפעראַט. איצט איז געקומען די צייט פון קריטיק. וואָס פיעל פיעל האָבען אַ צייט לאַנג אויף דעם האַרצען געטראָגען איז איצט קלאָר און דייטליך אַרויסגערעדט געוואָרען, פאַר הערצעלן אין די אויגען.

צום ערשטען האָט גערעדט ד"ר מענטשעל פון גאַליציאַ, און זיך בעקלאָגט אויף די שטיפמיטערליכע בעהאַנדלונג פון אַקט. קאָמיט. מיט די גאַליציאַנער יודען. אַז מע האָט ביי זיי הילפע געבעטען אום דעם ציוניזם אין גאַליציאַ צו פּראָפּאָגאַנדירען האָט דער קאָמיטעט געענטפערט, אַז ער האָט גענוג אַרבייט ביי זיך אין וויען. מיט ריעד פון טיעפען הערצען האָט ער געשילדערט די שרעקליכע לאַגע פון די אומגליקליכע גאַליציאַנער און בוקאָווינער יודען. דער קאָנגרעס האָט זיינע רעד מיט קרעכצען און אַפּלאַדיסמענטען בעגלייטעט.

ד"ר וויצמאַן, האָט אין אַ רעכט לאַנגע און אינהאַלטס־פאָלע רעדע פאָרווירפע געמאַכט דעם וויענער קאָמיטעט, פאַר וואָס ער האַלט זיך אַזוי הויך גענען אַלע זיינע איבריגע מיטגליעדער וועלכע זענען פערשפּרייט אין פערשידענע לענדער דער וועלט, ער פרעגט ביי זיי קיינמאָל קיין עצות ניט, ער טהוט אַלעס נאָך אייגענעם ווילען, די אויסוואַרטיגע מיטגליעדער פון אַקט. קאָמיטעט, האָבען נור צו ערפילען בעפעהלע פון אויבען... און פערשידענע בעפעהלע קומען צו שפּעט, אַזוי אַז צו דער בעשטימטער צייט איז דאָס גאָר ניט מעגליך אויסצופיהרען. און אפילו די טאַגעס־אָרדנונג איז אויך געמאַכט געוואָרען נאָך אייגענעם ווילען, ניט פרעגענדיג ביי קיינעם און ניט בעראָטענדיג זיך מיט קיינעם פון די מיטגלידער פון אַקט. קאָמיט. נאָך מעהר, עס טרעפט, אַז דער אָדער יענער מיטגליעד פרעגט עטוואָס פון וויען, און וואָכען געהען אַוועק איידער ער בעקומט אַ תְּשׁוּבָה.

ד"ר טשלענאָוו, דערמאָנט די טענות פון ד"ר שליאַפּאָשניקאָוו און בעמערקט, אַז צווישען אַלע מיטעל וועלכע ה' מאַרמאָרעק האָט גערעכענט, וואָס מיט זיי האָט מען זיך בענוצט דעם ציוניזם צו פערברייטען, איז אפילו מיט איין וואָרט ניט דערמאָנט געוואָרען די קולטורא. האָטש אפילו מיר ווייסען אַז נוּר דערמיט, נור מיט לערנען, מיט ערוועקען דעם פאָלקס־בעוואוסט־זיין, מיט נאַציאָנאַל־געפיהל, קען מען פעסט בעגרינדען און אויף לאַנג פערזיכערען דאָס לעבען פון דעם ציוניזם.

אין רוסלאנד איז פיעל געטהון געווארען אויף דעם אויפן; אויב מע וועט אומעטום אזוי טהוען וועלען מיר וויסען אז וויפיעל שקלים־געבער ס'איז דא, אזוי פיעל האבען מיר ציוניסטען.

ה' מוצקין האט זייער שארף קריטיקירט די טהאטען פאן וויע־נער קאמיטעט. ער דערמאנט ה' וויצמאנ'ס טענות און גיט צו נאך דאס: אז דער וויענער קאמיטעט ערפילט ניט רעשעניעס פון קאנגרעס. צום ביישפיעל, דיא אומענדערונג אין אוסטאוו פון באנק. ·ווידער מאכט ער אליין נייע געזעטצע, צום ביישפיעל, די ענדערונגען אין אויסוועהלען דעלעגאטען צום קאנגרעס, ווידער האט ער מיט הארטע ווערטער פארווירפע געמאכט הערצעלן פאר זיין פאר איאהריגע רעדע אין לאנדאן, וואס ער האט די האפנונג דעם פאלק געגעבען, אז אט אט, שוין גאר אין גיכען, וועט ער זיין אומשטאנד די יודען קיין פאלעסטינא צו ברייננגען... און פארדערט מע זאל די אויסווערטיגע מיטגליעדער פון אקט. קאמיט. צו אייגנען געוויסע רעכטע, אויב מיר ווארפען אויף זיי ארויף פפליכטע. ניט איין מענש זאל טהוען מיט אונז אלעס וואס ער וויל. אונזערע בעוועגונג איז א פאלקס־בעוועגונג און דאס פאלק דארף מען פאלגען. עס טרעפט אמאל, אז דיקטאטורא איז גוט, אבער נור איין מינוט, א לאנג־צייטיגע דיקטאטורא אבער, איז צו שעדליך...

זיינע ווערטער האבען אנגעמאכט א גרויסען רַעש. עפיס איינער א אויסלענדער האט אויסגעשריען: ניט צו קריטיקערען דעם ד"ר הערצעל! אבער ער האט געמוזט שווייגען.

ד"ר הערצעל געהט ארויף אויף די טריבונע. אפלאדיסמענטען אהן שיעור. ער זאגט:

1) גאליציישע ציוניסטען האט דאס וויענער קאמיטעט געהאלפען, ביז וואנען זיי האבען דארט אנגעהויבען צו ארבייטען געגען וויענער קאמיטעט. 2) ניט דאס וויענער קאמיטעט דארף געבען רעכטע די אקט. מיטגליעדער, נאר זיי דארפען דאס זיך אליין נעמען. איבערהויפט איז נאך ניט בעשטימט געווארען ריכטיג אין וואסערע פערהעלטניססע דארף שטעהן דאס וויענער קאמיטעט צו זיינע מיטגליעדער. אויב מע האט בעמערקט פעהלער אין זיינע טהאטען, איז זעהר מעגליך, ס'וואלט א א וואונדער געוועזען, ווען אין אזא גרויסע זאך וואלטען גאר קיין פעהלער ניט געמאכט געווארען. נאר פון יעדען פעהלער זעהט ער דאך אויך זיך א מוסר ארויס צונעמען אויף ווייטער. 3) אב מע האט וועמען אזוי גיך ניט געענטפערט, איז אלע מאל געוועזען זייטינע סבות דערביי. 5,500 בריעף זענען געשריבען געווארען דאס יאהר אין וויענער קאמיטעט און 42 צירקוליארען. אויב מע האט וועגען די א־דנונג אין שקלים־קלייבען שפעט מודיע געוועזען, איז דאס ווייל מע איז געוועזען פערטהון מיט די אגיטאציע פאר דער באנק. און דאך געפונען זיך דא 1200 מאנדאטען. 4) איבער די טאגעס־ארדנונג איז נאך ווינטער, בשעת דער פערזאמלונג אין וויען, גשפראכען געווארען מיט מעהרערע מיטגליעדער פון אקט. קאמיטעט.

ד"ר ב"ב שלאגט איהם איבער די רעד, און זאגט אז אויף די וויענער אסיפה האט מען ניט גערעדט וועגען די טאגעס־ארדנונג. און אז ער האט געפרעגט וועגען איהם 2 חדשים פאר דעם קאנגרעס האט מען איהם גאר ניט געענטפערט.

ד"ר הערצעל רעדט ווייטער: 5) עס איז אויך דא א גאנץ אויס־פיהרליכער רעכנונג איבער די ציוניסטען אין אלע לענדער, נאר מיר רעכנען דאס פאר איבריג לייענען פאר אלעמען, דאס וועט גענוי דורכזעהן די פינאסקאמיסיאן. 6) ד"ר טשלענאוו איז אין ספק אויב אלע שקלים־געבער זענען ציוניסטען, איך מיין אז סאיז דא איבערהויפט מעהר ציוני־סטען ווי שקלים־געבער. 7) מיר וועלען גערען צום קינפטיגען קאנגרעס סטאטיסטישע ציוניסטישע בעריכטע, אויב נור מען וועט אונז די נעטהיגע מאטעריאל דערצו שאפען; ווען מע וואלט אונז דעם קאנגרעס אלעס צו־געשטעלט ווי מיר האבען געפאדערט, וואלט שוין יעצט די סטאטיס־טיקא פערטיג געוועזן. 8) מע האט אונז בעשולדיגט פאר וואס מיר רעדען ניט איבער דער קולטורא אין אונזער בעריכט. ערישט היינט האב איך דעריבער געהאט א שפרעכען מיט דעם ראבינער ד"ר גאסטער. איך האב איהם געבעטען מיר צו ערקלערען: וואס הייסט יודישע קולטורא? וואס ער האט מיר געענטפערט טאר איך דא ניט זאגען, ס'איז געוועזן א אינ־טימעס אונטערהאלטען צווישען אונז. נאר אויב מע מיינט דערמיט ווי אונזערע פערהעלטניסע זענען צו רעליגיאן, האבען מיר שוין איין מאל געזאגט: אז אין אלע אונזערע אונטערהאנדלונגען ווערט איבער רעליגיאן ניט אונטערהאנדעלט. מיר טהוען דעריין ווי די ראַ־בינער טהוען... יעדער רעליגיעזער שטאנדפונקט ווי יעדער פאליטישער שטאנדפונקט ווערט געדולדעט אין דעם ציוניזם. מיר זענען יודען נאציא־נאליסטען און ווילען נור ארבייטען פאר אונזער פאלק, דארפען מיר אלזא ניט אויפהייבען אזעלכע פראגען, וואס אז מע הייבט זיי אויף אין דער צייט ברענגען זיי נוטצען, אבער ניט אין דער צייט מאכען זיי נור שאדען. דעריבער, האבען מיר אלע צוזאמען בעשלאסען, איבער דעם מעהר ניט צו שפרעכען. 9) מע בעשולדיגט אונז, מיר האבען איבערגעמאכט די רעשעניעס פון קאנגרעס וועגען באנק. אט איז די טעלעגראמע וואס איך האב געשיקט קיין לאנדאן אין די באנק־קאמיסיאן, אז מע זאל זעהן ניט צו ענדערען דעם אוסטאוו פון דעם ווי מע האט אויף דעם קאנגרעס אין באזעל בעשטימט. — ער לעזט די טעלעגראמע פון בוך אויב מע האט פארט אומגעענדערט, זאל גלייך אונזער קאנגרעס־מיט־גליעד ה' בנטוויטש, ענגלישער יוריסט, ערקלערען פאר וואס האט מען געמוזט איינינע זאכען אומענדערן... 10) אויב איך האב אין מיין רעדע אין לאנדאן אויפגעמונטערט די האפנונג ביי דעם פאלק, איז דאס גע־קומען דערפון, וואס מיר האבען פלוצלונג בעקומען א ידיעה, אז אונזער אידעע ווערד אנגענומען פאר וויכטיג אין זעהר גרויסע ערטער. אין אזא היימליכע מינוט האב איך גערעכענט פאר אומרעכט, ניט צו זאגען עטליכע אויפמונטערענדע ווערטער מיינע ברידער. אפילו סאלדאטען האבען אויך נעטהיג ווארמע ווערטער מיט א פאהן אום זייער מוטה צו ערהייבען. 11) מע בעשולדיגט אונז פאר וואס מיר האבען אויף אלע בעשולדיגונג געגען אונז אין דער פרעסע, ניט נעענטפערט. מיר האבען דאס ערשטענס ניט געטהון ווייל מיר האבען דאס פאר אונז פאר צו נידריג גערעכענט און צווייטענס ווייל דאן וואלטען מיר א בעזאנדערען שטאט מיט מענשען דערצו געדארפט האלטען. 12) אין די וואהלען איז קיין ענדערונג ניט געווארען, אויב מיר האבען יא עטוואס געמאכט איז דאס נור דערום, אום די דעלעגאטען זאלען טאקי זיין אין אמת'ן געשיקטע פון פאלק.

נאר מיר האפען, אז אויב מיר זאלען נאך מעהר שוועריגקייט אויף אונזער וועג בעגעגנען וועלען מיר דאך ניט שוואכער ווערען און ווייטער ארבייטען פאר אונזער פאלק. (זעהר גרויסע און לאנגע אפלאדיסמענטען.)

די זיצונג איז געשלאסען געווארען 2 אוהר.

---

נאך דער זיצונג, אלס אלע אונזערע דעלעגאטען, פערמאטערטע און אויפגערעגטע, זענען זיך יעדער אין זיין ווינקעל גענאנגען, ווער עסען, ווער טרינקען, ווער אפרוהען, איז געמאכט געווארען דורך די פרעס־ביורא א מיטאג פאר אלע זשורנאליסטען.

אלס זשורנאליסט און פרעזידענט פון קאנגרעס איז אויך הערצל געקומען צו דעם מיטאג. מיט איהם אויך פראפעסאר גאטהייל און פרוי, און ד"ר מאנדעלשטאם. ס'איז געוועזען ביי פופציג זשורנאליסטען. בשעת מיטאג האט זיך ד"ר הערצל אונטערהאלטען, מיט איינינע פו די נעבען איהם זיצענדע, זעהר געמיטליך. געזאגט גלייכווערטליך גלייך! מיט אנדער־ע, און איז געוועזען היימיש. — דאס איז אפילו, דעם אמת זאגענדיג, ניט נור ביי מיטאג צו בעמערקען, אויך בשעת דעם קאנג־רעס איז ער צומאל ארויס אונטען אין זאל, און זיך געזעצט נעבען איינעם, נעבען אנדערן, און גערעדט. ער וויל זיך דעמאקראטיזירען... נאר אפילו דאן האט ער אויך ניט פערלוירען אויף א האר פון זיין גרויסארטיגקייט.

בשעת וויין־טרינקען, ווי דער שטייגער איז, זאגט ווער עס קאן עטליכע שארפזיניגע ווערטער לכבוד דער שמחה, ביי וועלכע מע פער־זאמעלט זיך. אזעלכע שארפזינגען, און ניט תמיד שארף, האבען דא אויך ניט געפעהלט. ד"ר הערצל פון זיין זייט אבער האט אויך א

שארפזין געזאגט, וועלכער ווי עס שיינט, זאל טאקי אויך א אמת זיין.

„אלס זשורנאליסט — זאגט ער — האב איך אלערליי ארטיקלען געשריבען. ס'איז ניטא איין אבטהייל אין א צייטונג, וואס איך האב ניט געשריבען, פון לייט־ארטיקעל, ביז די לעצטע בעריכטע איבער טהעאטער. נאר איינס האב איך נ י ט געשריבען: קיין ראמאן אין פארטזעצונגען . . . נאר אבער וואס איך האב דאס גאנצע לעבען ניט געשריבען שרייב איך, מיינע קאמעראדען, יעצט. איך האב נור אין גרויסע שטריכען מיר דעם פ ל א ן פון ראמאן אויפגעווארפען, אבער ער איז נאך ניט אויסגעפילט, ער איז נאך ניט אנגעשריבען. נאך יעדער קאפיטעל וואס איך ענדיג, מאך איך א דיקען שטריך. און מיט גרויסע אנשטריינגונג און נייגיעריגקייט בין איך גערען וויסען וואס וועט ו ו י י ט ע ר קומען...

מיט א שיינעם משל האט ער דערצעהלט וואס איז דער אינהאלט פון די ערשטע פאר קאפיטליך פון ראמאן, וועלכע ער האט שוין אנגעשריבען, אבער דאס ווייסען מיר אלע.

גאנץ שארף־זיניג האט אויך ד"ר גאסטער געזאגט. איינער פון די זשורנאליסטען האט זיך געווענדעט צו איהם און געפרעגט: וואס איז קולטורא? — קולטורא — ענטפערט ער — איז דאס וואס דא ביי דעם טיש פעהלט. קולטורא הייסט: איין מענש זאל דעם אנדערן רוהיג לעבען לאזען, און איך בין ערשט איצט אריין און איהר געט מיר קיין רוהע ניט... דער וויץ איז זעהר געפעלען און האט גרויסע אפלאדיסמענטען ארויסגערופען...

ניט ווייניגער איז געפעלען דעם עולם, אלס פלוצלינג איז געקומען אונזערער א אלטער בעקאנטער, ה' לעווינסקי, און האט מכבד געווען די הערען זשורנאליסטען מיט „ארץ ישראל" וויין פון כרמל.

---

5 א זייגער, האט זיך די צווייטע, נאכמיטאגס־זיצונג, געעפענט. פרעזידענט איז געווען דאקטאר־ראבינער גאסטער.

דער גייסט פון קריטיק האט נאך פיעל פון די קאנגרעס־מיטגלידער בעגייסטערט. נאר קיין נייע פארווירפע דעם אלגעמיינעם בעריכט פון אקט. קאמיטעט איז ניט געמאכט געווארען. קלייניגקייטען, און... צומאל אפילו אויך ניט קיין קליינע נארישקייטען זענען ארויסגערעדט געווארען. ס'האט אויסגעוויזען, אז אט אט איז שוין אויסגעשעפט דאס גאנצע מאטעריאל, מע וועט שוין דאריבער מעהר ניט רעדען ... נאר פיעל קאנגרעס־מיטגלידער האבען זיך פלוצלינג דערמאנט אין דער היים, אין דעם ארימקייט וואס דארט הערשט און פיעל פון זיי האבען ווייטער אנגעהויבען צו בעשרייבען די לאגע פון אונזערע ארימע יודען אין פערשידענע לענדער, האטש אפילו ס'איז גאר ניט איצטער געווען די צייט דערפון.

דאן איז ארויף ה' מ א ר מ א ר ע ק אויף דער בימה. ער האט שטארק בעדאנקט דעם קאנגרעס דערפאר, וואס מע האט אזוי פיעל זיך אפגעשטעלט אויף זיין בעריכט. אויב ער האט קיין ציפערן ניט געשריבען איבער פערשידענע זאכען, איז דאס דאריבער, ווייל אלע טאג כמעט האט זיך געביטען דער צושטאנד. אלע טאג איז אלס צוגעקומען נייע מאטעריאלען. דאריבער האט ער ניט געקענט זיך אבשטעלען אויף ציפער. ער האט דערצו צוגעגעבען, אויב ס'איז נאך דא פעהלער אין זיין בעריכט, האפט ער, אז אין דער צוקונפט וועט דאס מעהר ניט זיין.

דערוויל איז געקומען דער פארזיצענדער פון דער פינאנס־קאמיסיע, און האט מודיע געווען אז אלע השבונות זענען אין ארדנונג.

דא האט זיך ווייטער אויפגעהויבען דער גייסט. נייע קריטיק, נייע רעדנער. ה' פריידענבערג פון קרעמענטשוג האט אפילו דא ארויסגעזאגט זיין מיינונג, אז ער רעכענט, אז פון דער קריטיק וועט נור גוטעס פאר דעם ציוניזם ארויסוואקסען, און האט געפאדערט, מע זאל הערצלען ווי אויך דעם אקציאנס־קאמיטעט דעם גרעסטען דאנק פאר זייער מיה אויסדריקען, און א סוף... איז אבער גאר ניט־געריכטערהייט אויפגעשטאנען ה' בענטוויטש פון לאנדאן, און האט זיך א זאג געטהון, אז ער וויל מע זאל די פינאנס־רעכנונג אין אלע דעטאילען, מיט אלע פְּרָטִים, ארויסשטעלען. מיט אלע פרטים. א רעכנונג פון שילינג מיט סאנטימען זאל פארגעלייענט ווערען, היתכן? איז געווארען א טומעל. דער זאגט אזוי און דער אזוי. דא איז אויפגעשטאנען ד"ר הערצל און האט געזאגט, ער שטימט איין מיט דער פאדערונג פון הערן בענטוויטש, נאר ווייל עס קען זיין, אז מען וועט פארלייענען דעם אויספיהרליכען חשבון, וועלען זיך געפינען אזעלכע וואס וועלען אפשר אנהייבען זיך מפלפל זיין איבער די אדער יענע סומע, און דאן ריזיקירען מיר צו פערלירען איינינע פון אונזערע בעסטע מיטארבייטער, וועלכע קענען בשום־אופן ניט ארבייטען גאר אומזונסט פאר דעם ציוניזם... זיי קענען בשום אופן, זיך ניט ענטזאגען פון זייער אייגענע ארבייט אום פרוי און קינדער צו ערנעהרען, און פאר דעם ציוניזם גאר אהן לוין צו ארבייטען...

די פארשטעהער פון פערשידענע לענדער האבען זיך איינס נאכ'ן אנדערן געלאזט צו דער בימה, און יעדער, אין נאמען פון זיינע לאנדסלייט האט זיך ענטזאגט פון אויסצוהערען די פרטים. די רעדען דאריבער ווערען געשלאסען.

ד"ר וואלפסאן לעזט זיין רעפעראט וועגען דער באנק, ווי נייטהיג זי איז פאר'ן ציוניזם, וואס איהר ציעל איז, ווי אזוי, מיט וועלכער מיה זי איז געגרינדעט, א. ד. ג. וואס כמעט אלע ווייסען.

די זיצונג איז געשלאסען אוהר 9, ביז 10. א זייגער צעהן איז ווידער א זיצונג געעפענט געווארען. מע האט רעדען געהאלטען וועגען פערשידענע אומענדערונגען אין אוסטאוו פון באנק. דעם עיקר אבער האט מען געמהט לאזען אויף מארגען, ווייל ס'איז שוין צו שפעט געווען, דער זייגער איז שוין געווארען צוויי.

---

דאנערסטאג פריה אוהר 10 האט ד"ר הערצל געעפענט די ערשטע זיטצונג.

ד ע ר ט א ג, מיר דאכט, איז דער רעכטער עיקר געווען, פון אלע טעג פונ'ם גאנצען קאנגרעס. היינט האט געדארפט געענדיגט ווער'ן די גרויסע באנק פראגע, איבער וועלכע מע האט די לעצטע עטליכע חדשים, צייט דעם ס'איז בעקאנט געווארען דער אוסטאוו פון באנק, אזוי פיעל גערעדט און געשריבען. אין די פראגע איז געווען געגעבען די מעגליכקייט אלע פערשידענע פארטייען אין דעם ציוניזם זיך ארויסצוזאגען און זיך מְפַלְפֵּל זיין, יעדער נאך זיין שִׁטָה.

די אלטע חובבי ציון, דאס הייסט די וועלכע האלטען אין די אלטע שטה פון חבת־ציון, זאגען אז מיר דארפען זעהן קאלאניזירען ארץ־ישראל ד ו ק א, און נור ארץ־ישראל. נור די יודען וועלכע מיר וועלען בעזעצען אין ארץ ישראל, קענען זיין דאס קערנד'ל פון וועלכען ס'וועט ארויסוואקסען שפעטער א פעסטעס, יודיש־קולטורישעס פאלק: נור זיי וועלען קענען זיין דער יְסוֹד, אויף וועלכען מע וועט קענען — ווען די צייט וועט קומען — ווידער אויפשטעלען אונזער זעלבסט שטענדיגקייט. אלזא, די יודישע באנק, אלס נאציאנאל־באנק, אלס באנק וועלכע דארף זעהן צו שטיצען דאס ענטוויקלען און ערייכען דאס זעלבסטשטענדיגקייט פון דער גאנצע יודישע נאציאן, אלס נ א צ י א ן, מוז איהר ארבייט זיין נ ו ר אין פאלעסטינא, פון וואנען נור עס האפט אלעס יודישעס אויפלעבען. געגען די איז פאראן אנדערע וועלכע זאגען: פ ר י ה ע ר ישראל, נ א כ ד ע ם ארץ־ישראל. יודען איז ביטער און פינסטער, יודען שטארבען פון הונגער און נויטה, און לויפען און שלעפען זיך נעביך פון איין ארט אין אנדערן, פון איין לאנד אין צווייטען זוכען ברויט, דעריבער אויב ארץ־ישראל, מְהֵיכָא־תֵּיתָא; אויב מע קען אבער „ארץ־ישראל" דערוויל ניט בעזעצען מיט יודען, זאלען מיר זוכען א אנדער ארט, אדער העלפען זיי דארט וואו זיי זענען, אום צו ערלייכטערן זיי זייער ביטער מַזל: אונטערשטיטצען זייערע ארימע געשעפטען, זיי ראטיווען פון פראצענטניקעס בלוט־זייגער דורך דעם וואס מע וועט זיי לייען אויף וואלוועלע צינז א. ד. ג.

איינינע פון אונזערע פיהרער פון דעם נייען ציוניזם, ווייזט אויס, האלטען מעהר מיט'ן לעצטען מיינונג, דעריבער איז קיין וואונדער ניט

אז זיי האָבען אין אוסטאוו אַריינגעשטעלט אַזעלכע פּונקטען, נאָך וועלכע זיי זאָלען קענען זיך בענוטצען צו העלפען יודען אומעטום, אין אַלע עקען דער וועלט, חאָטש אפילו אויף דעם פּאַר א יאָהריגען באַזעלער קאָנגרעס, איז געווען אָנגענומען, אַז דער אוסטאוו פון באַנק זאָל ניט אַנדערש געשריבען ווערען, נור אויף אַזאַ אופן אַז די אַרבייט זאָל זיין בעשרענקט נור אין סוריא און פּאַלעסטינא.

ס'איז זיך לייכט פאָרצושטעלען, וואָס פאַר א רעש ס'איז געוואָרען, אַז מע האָט אָנגעהויבען אין דער פריה רעדען וועגען אומענדערונגען אין באַנק. דאָ איז געווען צו הערען טענות געגען אוסטאַוו, ווייל ער איז ניט ווי עס דארף צו זיין; אַנדערע געגען הערצעלן, פאַר וואָס ער האָט זיך גענומען אַזאַ רעכט אומצוענדערען דאָס וואָס דער קאָנגרעס האָט בעשטימט; דערפון זענען אַנדערע אַרויס מיט שטאַרקע טענות געגען די פיהרונג פון „וויענער אָבערסטען קאָמיטעט" אין גאַנצען. די זאַכע פון אומענדרונגען אין דעם אוסטאוו איז שוין פריהער געווען איבערגעגעבען אין אַ קאָמיסיע אונטער דער פאָרזיצונג פון פּראָפעסאָר ביעלקאָווסקי, וועלכע האָט אויסגעאַרבייט אַ אַנטראַג, וואו ס'איז אַרויסגעשטעלט געוואָרען זעכס פונקטען וועלכע מוזען אומגעענדערט ווערען, ערשטענס אַזוי אַז דער באַנק זאָל זיין טהעטיג נור אין פּאַלעסטינא, וואָס אַנבעלאַנגט קאָלאָניזאַציא; אין צווייטען, כדי די דירעקטאָרען פון באַנק זאָלען אַבהענגיג זיין פון קאָנגרעס, זאָל דער קאָנגרעס אַלע יאָהר קלייבען דעם אויפזיכטסראַט, דאָס איז צוואַנציג מענשען, וועלכע זענען צוזאַמען שוין אויך אויסגעקליבען פאַר מיטגלידער און דעם גרויסען אַקציאָנס קאָמיטעט, און דערצו נאָך אַנדערע פונקטע אויך: אַז די צוואַנציג „גרינדער אקציען" טאָרען בשום אופן קיינעם ניט פערליען ווערען אויף דעם גאַנצען לעבען, מעהר ניט אויף איין יאָהר, און דער אויפזיכטסראַט האָט ניט קיין רעכט אפילו נור אויף איין יאָהר צו פערלייען, נור דער קאָנגרעס *).

הערצעל, אַלס ער האָט אויפגענומען דעם אַנטראַג, האָט בעמערקט, אַז דער ערשטער פונקט, דאָס הייסט דער באַנק זאָל טהעטיג זיין נור אין פּאַלעסטינא, קען שוין אָנגענומען ווערען, נאָר די איבריגע פונקטען מוזען איבערגעגעבען ווערען צו אַ קאָמיסיע פון פינף יוריסטען וועלכע דער קאָנגרעס וועט אויסקלייבען, אום זיי זאָלען אין צייט אַ יאָהר בעטראַכטען וואָס איז מעגליך אומצוענדערן אין אוסטאוו און וואָס איז ניט מעגליך דערווייל אָבער קענען מיר דעם אַנטראַג אין גאַנצען ניט שטעלען אויף באַליטירען פאַר'ן קאָנגרעס, צי וועט ער אָנגענומען ווערען צי ניט.

דערויף האָט גלייך בעמערקט ה' מאָצקין, אַז ס'איז אַזוי, אַז דער אַנטראַג וועט ערשט באַליטירט ווערען איבער אַ יאָהר, זאָל דערווייל דער אַקציאָנס־קאָמיטעט זיך ניט דערוועגען צו טהון קיין זאַך, וואָס, מע וואָלט ניט געטאָרט טהון ווען דער אַנטראַג וואָלט אָנגענומען געוואָרען פון קאָנגרעס, און דערצו האָט ער צו גענעצט: איך מיין דאָס ענטגעגען פערטהיילען גרינדער־אַקציעס.

ס'איז ווייטער געוואָרען אַ קאָך, אַ געפילדער, רוסישע דעלעגאַטען זענען אויפגערעגט געוואָרען, ס'איז אַוועק זעהר הייסע דעבאַטען אין די דעבאַטען האָבען אַנטייל גענומען: יוריסט ראָזענבוים — מינסק, מאָצקין — בערלין, ד"ר עבנער, זעף, ד"ר ברוק — האָמעל; און מעהר פון אַלע ה' ביעלקאָווסקי, אַלס פאָרזיצענדער פון דער באַנק־קאָמיסיאָן. איבערהויפּט, איז געווען די רייד אַז מע זאָל ניט געבען קיין גרינדער־אַקציע קיינעם אין דער וועלט, אפילו ניט אונזערע גערהמטע באַנק־דירעקטאָרען, אויף דעם גאַנצען לעבען, ניט מעהר אויף איין יאָהר, אי דאָס זאָל דאָס רעכט געהערען צום קאָנגרעס...

דערויף האָט הערצעל געענטפערט, אַז ער איז איינשטימיג, אַז פון היינט אָן זאָל נור דער קאָנגרעס און נור אויף איין יאָהר קענען גיבען די גרינדער אַקציען, אָבער ניט די ערשטע זיבען גרינדער אַקציען וועלכע ער האָט שוין צו־געזאָגט די יעצטיגע זיבען דירעקטאָרען, אַז זיי וועלען האָבען דעם כבוד, על כל פנים, פאַר זייער מיהע אַז צייט זיי וועלען לעבען זאָלען זיי צו זיי געהערען.

— צו־געזאָגט! ווי הייסט ער האָט צו־געזאָגט? ווער האָט געהאַט דאָס רעכט צו זאָגען, נאָך איינענעם ווילען?... אַט אַזעלכע רייד איז געהערט געוואַרען פון יעדער מויל... און דערווייל די טריבונע שטעהט ניט ליידיג, איין רעדנער אַראָב, דער אַנדערער אַרויף, און אַלע אין איין קול: גרינדער־אַקציעס אויף צייט לעבען בשום אופן ניט!..

אַז די אויפרעגונג איז שוין געווען אויף דעם העכסטען פונקט, איז אַרויף ה' וואָלפסאָן, איינער פון די באַנק־גרינדער, און האָט מודיע געווען 6 פון די 7 דירעקטאָרען וועלכע געפונען זיך דאָ אויפ'ן קאָנגרעס, זענען מוחל בּמחילה גמורה דעם זכות פון צו האָבען גרינדער־אַקציען אויף דעם גאַנצען לעבען, דער 7־טער אָבער — היימאַן פון לאָנדאָן — ווייל ער איז דאָ ניטאָ, קאָן מען פון איהם ניט רעדען.

די שמחה וואָס ס'איז געוואָרען צווישען די דעלעגאַטען איז ניט צו בעשרייבען. פיעל האָבען גענומען געבען עצות, מיט וואָס און ווי אַזוי זאָל מען דאָך בעדאַנקען די גרינדער פאַר זייער מיהע און אויך הוצאות וואָס זיי האָבען געהאַט אויף צו גרינדען די באַנק: דער האָט געזאָגט אַ „אדרעס" זאָל זיי דער קאָנגרעס געבען: דער אַז מע זאָל זיי ערשט איצטער יאָ אַוועקגעבען די גרינדער־אַקציעס אויף אייביג... א. ה. ג.

דער איבערגאַנג מיט אַמאָל פון כעס צו שמחה, האָט נאָך העכער אויפגעהויבען די אויפרעגונג, נאָר ווידער אָבער האָט דער עולם געמוזט זיך אומקערען צו זיין פאָריגע לאַגע, הערצל איז אויפגעשטאַנען און מודיע געווען: ער וויל זיך בשום אופן ניט בענוטצען מיט דעם געשאַנק פון די דירעקטאָרען, איינמאָל האָט ער, דער פאָרשטעהער פון גרויסען אַקציאָנס־קאָמיטעט, צו־געזאָגט, מוז ער זיין וואָרט ערפילען, און אויב מען ערלויבט דאָס איהם ניט, מוז ער זיך ענטזאָגען פון זיין שטעלע...

אַ שוידער איז איבער אַלעמענס לייב איבערגעגאַנגען; די צעהיצטע דעלעגאַטען זענען ווי מיט קאַלטע וואַסער אָבגעגאָסען געוואָרען... פאַלגען הערצלען, ווי גיט מען דאָס אַוועק 7 מענשען אַ דעה אויף זייער גאַנצען לעבען אין באַנק־זאַכען, און זייער דעה — דאָס הייסט די דעה פון די וואָס האָבען גרינדער־אַקציעס — איבערוועגט על פי דין פיעל אַנדערע דעות, און ווידער אויסער דעם, ווי ערלויבט מען דאָס הערצלען גלאַט טהון וואָס ער וויל, ניט צו פרעגען ביי קיינעם. שלעכט אהער, שלעכט אהין, און דאָ שטעהט הערצל און זאָגט איינמאָל און צוויי מאָל אַז ער גיט איבער זיין אַנטראַג אויף באַליטירען, וועט ער אָנגענומען ווערען פון קאָנגרעס און אויב ניט קען ער קיין זאַך ניט העלפען, זיין וואָרט מוז מקוים ווערען...

דאָס בלוט קאָכט, דאָס האַרץ בלוטיגט, סטייטש נייטען אונז, מיט גוואַלד, ער ווייסט אַז מיר קענען איהם ניט אָבלאָזען דערפאַר טהוט ער אַזוי...

הערצל האָט דאָס בעמערקט און פערשטאַנען, אַז ער דריקט דאָ צו שטאַרק הונדערטער מענשען מיט זיין קרעפטיגע שטאַרקע האַנד, און האָט ווידער מודיע געווען, אַז ער לאָזט איבער די באַליטיראָווקע פון זיין אַנטראַג אויף נאָך מיטאָג. יעצט — דער זייגער איז געווען 2 — איז די זיצונג געשלאָסען...

---

אָבער ווער טראַכט פון מיטאָג, ווען מען געהט איצט עסען אין קאָפּ אַריין... דער ציוניזם איז אין סכנה, ווי געהט מען דאָ אַרויס פון דער צרה בשלום...

פון קאָנגרעס־זאַל האָבען זיך גלייך אַלע רוסישע ציוניסטען צוזאַמען געקליבען אין איינער פון די זאַלען פון דער קאַזינאָ. מע האָט גלייך גענומען קלערען: וואָס טהוט מען. מיט בלוט און מיט טרערען איז דאָ גערעדט געוואָרען, די אָרדנונג איז בשום אופן געווען אונמעגליך איינצוהאַלטען, קיינער איז ניט אומשטאַנד געווען זיך ניט אויסצורעדען, די אספה האָט געדויערט גאַנצע דריי שעה, ביז סוף כל סוף דער אַלגעמיין בעליבטער ד"ר טשלענאָוו פון מאָסקווי האָט געפונען אַז דער בעסטער מיטעל איז מע זאָל אָננעמען הערצעלס אַנטראַג.

---

*) איך מוז בעמערקען, אַז ווער ס'וויל גרינדליך פערשטיין אין וואָס דאָ האַנדעלט זיך, דאַרף זיך בעמיהען פריהער ד'רכשטודירען דעם אוסטאוו.

נאָך מיטאָג איז טשלענאָוו'ס אנטראַג אָנגענומען געוואָרען, אפילו מיט פיעל ביטערנעס אין האַרצען, פון דעם גאַנצען קאָנגרעס. נור 7 שטימען זענען געווען געגען.

ווי א שטיין איז אַלעמען א ראָב פון האַרצען.

---

אַזוי האָט זיך דער עולם אָבגעקיהלט אַביסעל. דער באַנק איז פערזיכערט, די אומענדערונגען זענען אָנגענומען געוואָרען, איבערהויפט דער ערשטער פונקט וועגען ארץ־ישראל, די איבריגע האָט מען איבער געגעבען א קאָמיסיע פון פינף יוריסטען: ד"ר הערצל; קאָקעש; באָדענהיימער, ביעלקאָווסקי און ראָזענבוים.

געענדיגט מיט'ן באַנק־עסק, אראָב דער חומר, איצט איז גע־וואָרען אַ שמיעס איבער דער „קולטורא".

א צייט מיט יאָהרען האָבען פיעל פון אונז, מע קען זאָגען, געוואוסט וואָס איז אַזעלכעס קולטוראַ. אלע האָבען, מיר־דאַכט, פערשטאַנען ווען מען האָט געזאָגט: יענעס פאָלק איז אַ קולטור־פאָלק אז מע מיינט דערמיט צו זאָגען: אז דאָס פאָלק, איבער וועלכען מע רעדט, איז גוט און געזונד ענטוויקעלט, גייסטיג און קערפערליך, עס האָט מוטה צו בעשטעהן אין א נויטה, עס איז פלייסיג, אַרבייטזאַם; פערשטעהט וואָס ס'טהוט זיך אַרום איהם אין דער נאַטור און קען זיך מיט איהר בענוצען פון זיין טובה וועגען... עס האָט, מיט איין וואָרט, א גלייכען רוקען מיט אַ גלייכען קאָפּ...

איצט אָבער, צייט מען האָט עפּיס אָנגעהויבען שמיעסען צווישען אונז וועגען דעם מע זאָל זעהן אַריינברענגען צווישען יודען אַלגעמיינע קולטור און פערשטאַרקען די יודישע קולטור, און איינינע רַבָּנִים און גלאַט אַזוי פרומע יודען מיט קרומע קעפּ האָבען אָנגעהויבען שרייען מיט קולֵי־קולות: „קיין קולטוראַ ווילען מיר ניט! מיר ווילען בילדונג, אונזערע קינדער מעגען לערנען פרעמדע שפּראַך, זיי מעגען לערנען אַלסדינג וואָס מע לערנט אין גימנאַזיעס און אוניווער־סיטעטען, נאַר אַבי ניט חלילה קיין „קולטורא"... — פון צייט ס'האָט זיך אָנגעהויבען הערען צווישען יודען אָט אַזעלכע קולות און „תשובות" אויף זיי, פון דאַמאַלס אָן איז דאָס וואָרט „קולטוראַ" געוואָרען עפּיס א מין רעטעניש, יעדער וויל טרעפען וואָס איז דאָס אַזעלכעס, כ'איז א מין מאכל ווי „שָלש־סְעודות", ניט קיין פיש און ניט קיין פלייש, ניט דאָס ניט יעניץ, נור עפּיס גלאַט אַזוי „שלש־סעודות"... און פיעל ווייסען ניט וואָס דאָס איז, סיי פון די וואָס שרייען זיי ווילען קולטוראַ, סיי די וואָס שרייען זיי ווילען קיין קולטורא ניט... און וואו נור ס'איז עפּיס א שטיקעל פערזאַמלונג פון ציוניסטען פער־ברענגט מען שָעות אָהן שיעור איבער די פראַגע, און ביי מעהרערע פערזאַמלונגען ווערט בעשלאָסען, אז ציוניסטען זאָלען נישט האָבען קיין עֵסֶק מיט קולטורא...

ד"ר הערצל איז אויך דער מיינונג, אז ציוניזם איז זיך א זאַך פאַר זיך און קולטוראַ א זאַך פאַר זיך. אַזוי ווי דער ציוניזם דאַרף ניט נייטען די ציוניסטען אז זיי זאָלען עסען אלע טאָג, ווייל אויב נור זיי וועלען האָבען וועלען זיי שוין אַליין עסען, ווייל אָהן דעם קען ניט אויסקומען סיי א ציוניסט סיי ניט קיין ציוניסט... די זעלבע זאַך איז אויך מיט דער קולטורא, מיט פאָלקס־ענטוויקעלונג, יעדער איינציגער, סיי ציוניסט סיי ניט ציוניסט, פערשטעהט אז בילדונג איז היינטיגע יאָהרען נייטיג, ענטוויקלונג איז פון די זאַכען וואָס קיינער שטעהט ניט געגען דעם, דעריבער איז וועגען דעם גאָר ניטאָ וואָס צו רעדען. ווי ווייט ס'וועט נור יודען מעגליך זיין וועלען זיי זיך קולטיווירען, צי רבנים וועלען איינשטימען צי ניט... דער ציוניזם אָבער דאַרף זיך ניט אָפּגעבען מיט פאָלקס־אויפקלערונג, זיין אויפגאַבע איז: געפינען וואָס גיכער פאַר יודען א געזיכערטע היים...

ס'איז אָבער דאָ ווידער אַזעלכע וואָס זאָגען: ניין! ציוניזם איז א בעוועגונג, וואָס וויל דאָס פאָלק אויפלעבען; וואָס וויל אַז יודען זאָל וויסען זייער שפּראַך, זייער געשיכטע, זייער פאָלקס־אייגענשאַפטען, פריהער דאַרף מאַן אָבפרישען, אויפמינטערען ביים יודען דאָס יודישע פערשלאָפענע האַרץ, נאָכדעם נור וועט ער זיין צו־געבונדען צו זיין פאָלק, נאָכדעם וועט ער קענען הייסען א ציוניסט, וואָס מען קען עטוואָס בויען אויף איהם און פערלאָזען זיך, אַז ער איז ניט היינט ציוניסט מאָרגען אויס...

ס'איז דעריבער קיין וואונדער ניט, אַז אויף דעם קאָנגרעס איז אויך גערעדט געוואָרען, און טאַקי אַ רעכט ביסעל, איבער דער אומ־גליקליכער קולטורא, האָטש זי איז נישט דערמאָהנט געוואָרען אין „טאַגעס־אָרדענונג".

דער ערשטער וואָס האָט גערעדט איבער דער „קולטוראָ" איז געווען דער דאָקטאָר גאַסטער, ראַבינער אין לאָנדאָן. אַ הויכער א פולער מענש איז ער. אַ שענער הֲדְרַת־פָּנִים, וואָס איז פון דעם צו לעזען חָכְמָה און תְּמִימוּת, גוטסקייט און ליעבע צו מענשען.

וויא נאָך אַ שטורם און שלעכטען רעגען־וועטער די זון אויפ־גאַנג, אַזוי איז פאַר אַלעם געווען אַנגענעהם זיין ערשיינען אויף דער טריבונע, נאָך די שווערע שטונדען וואָס אלע קאָנגרעס־מיטגליעדער האָבען איבערגעלעבט.

ער רעדט מיט האַרץ, מיט א זעלטען שענער שפּראַך, איבער אַלעס: איבער יודען וועלכע זענען געגליכען צווישען די פעלקער, ווי א שיף אין מיטען א שטורמדיגען ים, וואָס פון אלע זייטען ווילען די חוואַליעס זי אייַנשלינגען, און זי טראָגט זיך ווייטער און ווייטער...

ער האָט גערעדט איבער דעם אַלטען חלום, וואָס דאָס יודישע פאָלק חלומ'ט שוין באַלד צוויי טויזענד יאָהר, אַז ער וועט אויסגעלייזט ווערען פון גלות און וועט זיך זיין א בַּעַל־הַבַּיִת פאַר זיך, און ווי ער, דער חלום, הייבט אָן מְקוּיָם ווערען... ער הייבט אָן, חאָטש ס'איז אפשר ניט צו בעמערקען — ווי א זייגער, בִּשְעַת מע הייבט איהם אָן אָנציען געהט ער ניט, אָבער ס'איז דאָך קיין סָפֵק ניט אז דאָס אָנציען וועט איהם באַלד געהענדיג מאכען... אָבער אונזער חלום — האָט ער ווייטער גערעדט — איז בעשטאַנען ניט נור דערין וואָס מיר ווילען א זעלבסט־שטענדיגעס לעבען פיהרען אין פאַלעסטינאַ נור אויך אַ שענערעס לעבען, א אָרדענטליכערעס לעבען, ווי עס לעבען אַנדערע פעלקער... דער חלום האַלט ביי מקוים צו ווערען, מיר דאַרפען זיך בעמיהען אַז ער זאָל מקוים ווערען אין אַזאַ פאָרמע, אז אלע פעלקער זאָלען אונז מקנא זיין און אונז וועלען נאָכטהון; אום דאָס אַלעס צו ערהייכען, דאַרף מען נאַטירליך האָבען די קולטורא, און די יודישע קולטורא בעזאָנדערס דאַרף מען זעהן צו פערשטאַרקען ביים פאָלק...

אַז איך וועל אפילו ניט שרייבען, מיין איך, וועט אויך דער לעזער פערשטעהן, אַז מע האָט דעם ד"ר גאַסטער בעגלייט פון בימה מיט ליאַרמדיגע אפּלאָדיסמענטען.

אין דעם זעלבען גייסט האָט גערעדט וועגען דער קולטורא אויך ד"ר ל. כהן אויס ווין. אַזוי ווי ד"ר גאַסטער האָט אויך ד"ר כהן געפאָדערט יודישע קולטורא צו פערשפרייטען, אַזוי ווי דעם ד"ר גאַסטער, אַזוי האָט מען אויך דעם ד"ר כהן מיט אַפּלאָדיסמענטען בעגלייט, און אַזוי ווי נאָך דעם ד"ר גאַסטער'ס דרשה האָט מען אויך נאָך דעם ד"ר כהן'ס דרשה געקענט פרעגען — ווער ס'איז זיך נוהג אַזעלכע שאלות צו פרעגען — וואָס איז דאָס אַזעלכעס קולטורא?..

---

נאָכדעם האָט מען גענומען שמיעסען וועגען אָרגאַניזאַציע. ד"ר קלעע האָט איבערגעלייענט אַ רעפעראַט איבער דעם, ווי זאָל מאַן אָרגאַניזירען די ציוניסטען, ווי זאָל מען איינאָרדנען די ציוניסטישע חברות. דעם פּלאַן האָט אויסגעאַרבייט א גאַנצע קאָמיסיע. איך רעכען פאַר איבעריג דאָ צו דערצעהלען וואָס פאַר אנטראַגען עס איז געווען דעריבער. עס איז ניט זעהר אינטערעסאַנט. איבער דער אָרגאַניזאַציע האָט גערעדט ד"ר קאָקעש, ד"ר באָדענהיימער, ד"ר מאַרמאָרעק, יאָרק־שטיינער, טעמקין און ד"ר הערצל.

אין מיטען די רעדען איבער די אַיינאָרדנונג איז אַרוף אויף דער טריבונע אַ פריילען וואָלפע, פון פראַנקפורט, א ברונעטקע, אָנגעטהון אין ווייסען, און ווי ניט מיט איהר קול האָט זי פּלוצים אָנגעהויבען

דערצעהלען דעם קאנגרעס, וואסערע געפילע ס'האבען זיך ביי איהר ערוועקט אויף דעם קאנגרעס, — און ווי שוין עטליכע מאל איז זי געוועזן פראסט גערירט ביז טרערען פון געשמאקקייט, און זי נעמט אויף זיך צו ארבייטען מיט אלע איהרע שוואכע קרעפטען צו טהוען פאר דעם ציוניזם, ברענגען יודען קיין ארץ־ישראל.

זעהר היימליכע לאכענדיגע אפלאדיסמענטען האבען זי פון טריבונע בעגלייט.

מע האט דאס איהר אבער ווי ניט פערגינען, און ד"ר פרידעמאן פון בערלין האט זיך ניט געשעמט, ארויף אויף דער טריבונע, און געמאכט הערצל'ן פארווירפע פאר וואס האט ער געלאזט דאס פריילין רעדען גאר ניט צו דער זאך... איהם האט דער גאנצער קאנגרעס ערנסט אפלאדירט.

7 אוהר איז די זיצונג געשלאסען געוועזן.

---

דעם זעלבען טאג א זייגער 9 פון אבענד איז ווידער געוועזן א פערזאמלונג. איצט אבער שוין ניט פון דעלעגאטען, נור פון אקציאנערען. ד. וואלפסאן פון קעלן, איינער פון די יודישע קאלאניאל־באנק דירעקטארען, איז געוועזן דער פארזיצענדע.

גלייך נאכדעם אז ער האט געעפענט די זיצונג, האט ער מודיע געוועזן אז די דירעקטארען ענטזאגען זיך פארט פון די גרינדער־אקציען, זיי זענען מוחל אויף דעם זכות וואס זיי האבען.

דעם מאל האט שוין הערצל געשוויגען.

ה' וואלפסאן האט געלייענט דעם בעריכט איבער דער באנק. דריי מאל הונדערט טויזענד אקציעס איז פערקויפט.

נאכדעם אז מע האט א פאר שעה גערעדט איבער די ענדערונג ווידער אין אוסטאוו, און ווי אזוי זאל מען ענדערן, ווי איז מעגליך צו ענדערן, איז א זייגער 11 די זיצונג געשלאסען געווארען.

---

פרייטאג פריה.

דער עולם געהט ארום פון דאנען אהין און פון דארטען אהער מיט בלייכע צורות, ניט דערשלאפען, אפגעטומעלט, אנדערע זענען שוין גערן אראב צו פטר'ן דעם היינטיגען טאג—מע וויל רוהע!

— ווי אויף צו להכעיס, עפענט זיך היינט די זיצונג שפעטער ווי אלע מאל.

— די רוסישע ציוניסטען קלייבען מיטגלידער צום אקציאנס־קאמיטעט און קענען זיך בשום אופן ניט צוזאמען־רעדען, דערפאר דויערט עס.

דער עולם איז אויפגערעגט, אביסיל צובייזערט. די גאלעריע איז כמעט ליידיג. אפשר 50 מאן זענען דא און דארט צוזייעט און צושפרייט. קיים עלף א זייגער האט ד"ר הערצל אנגעקלאפט דריי מאל מיט דעם האמער אין טישעל, די זיצונג האט זיך געעפענט.

פרוי פראפעס' גאטהייל, געהט ארויף אויף די טריבונע און איז מודיע, אז מע האט צוזאמען־געקליבען טויזענד פראנק פאר די גאליציישע (בוריסלאווער) יודישע ארבייטער.

עס איז ווייטער געווארען א רעד וועגען ארגאניזאציע, ווי מע זאל ארדנען די אינערע ארגאניזאציע אין אמעריקא, מען האט פארגעלעגט פערשידענע פלאנען, פלוצים איז געווארען א גערודער:

מ ו נ ט י פ י ו ר י ג ע ה ט !

אין עטליכע סעקונדען ארום איז ער אריין. א יונגער מאן פון מיטלען וואוקס, פולע באקען, פולע אויגען עטוואס נאסליכע . . . ער איז געוועזן עפיס אביסיל ווי צעשראקען פון דעם ליארמדיגען אפלאדירען, מיט וועלכען דער קאנגרעס האט איהם בעגעגענט .. א שמייכעל איז איהם געלעגען אויף די ליפען. . . מיט לאנגזאמע טריט איז ער ארויף אויף דער טריבונע און האט פון א פאפיער געלייענט זיין „ווארט". ער האט געזאגט אז דער ציוניזם איז א פיינע זאך, און ער איז אומיסטען געקומען אהער — ערשט טאקי פרייטאג— כדי ארויסצוזאגען זיין מיינונג איבער דעם ציוניזם. ער האט דעם עולם געטרייסט זיי זאלען זיך ניט אבשרעקען דערפאר וואס אנדערע פאלען אן אויף דעם ציוניזם. דער זאגט ס'איז נור א זאך פון געפיהל, דער זאגט ס'איז א זאך דער אונמעגליכקייט אויסצופיהרען. נאר אהן הייסע געפיהל צו עטוואס ווערד קיין זאך ניט אויסגעפיהרט. אז מיר קוקען זיך צו און בעמערקען מיט וואס פאר א קליינע צאהל מענשען דער ציוניזם האט אנגעהויבען פאר צוויי יאהרען זיין זאך און זעהן וואסערע פארטשריטע ער האט אין די קורצע צייט געמאכט, קען מען, און מע דארף, גלייבען אז דער ציוניזם וועט אויסגעפיהרט ווערען. ער מיינט — זאגט ער— צו טהון א נחת־רוח דעם גרויסען פעטער זיינעם משה מונטיפיורי, דערמיט וואס ער וועט צושטעהן צו דעם ציוניזם, און מיטהעלפען ווי ווייט נור מעגליך איז.

יודען האבען אפלאדירט גאנץ געשמאק; זיי האבען זיך געפרעהט וואס א יונגער מאן — צי איז ער א גרויסער דיינקער ווייסט קיינער ניט — האט זיי מסכים געוועזן אז דער ציוניזם האט א ממש. דאכט זיך, מיט וואס איז זיין מיינונג וויכטיגער פון די מיינונג פון צעהן טויזענד אנדערע יודען, וואס איז דא די שמחה אזוי גרויס אז ער האלט אויך אזוי?

ווייטער קנעכטשאפט, ווידער קנעכטשאפט, א, ניט אזוי גיך וועלען זיך אונזערע יודען פון זייער קנעכטשאפט בעפרייען...

מונטיפיורי איז אראב פון טריבונע און אוועק, מע האט ווייטער גערעדט וועגען ארגאניזאציע, די רייד האבען זיך אוועק־געצויגען א פאר שעה. בעשליסע אנצונעהמען איז געבליבען אויף נאכמיטאג. דער מיטאג אבער זאל דויערן ניט מעהר ווי א האלבע שעה. היינט איז פרייטאג, זעקס א זייגער דארף דער קאנגרעס געשלאסען ווערען.

אז מע איז צוריק צוזאמען־געקומען, האט ד"ר ל. כהן פון וויען ווידער אמאל איבער דער קולטורא גערעדט, איבער יודישע קולטורא. מיר טארען זיך — מיינט ער — ניט בעגרענצען נור דערמיט וואס מיר וועלען יודען העלפען פון זייער ברויט־נויט, מע דארף זיי אויך העלפען פון זייער גייסט־נויט. זעהט, אלע שפראכען האבען מיר דא געהערט: רוסיש, דייטש, ענגליש, פראנצויזיש נאר ניט קיין העברעאיש. איך מיין אז מיר זענען ניט אין באזעל נור אין בבל... און אזוי האט ער ווידער גערעדט, אפילו זעהרווארים, ווי געכטען, און האט געענדיגט דערמיט וואס ער האט געפאדערט פון קאנגרעס, מע זאל בערינדען אויף פעסטע גרינדע דאס וואס דער פאר־א יאהריגער באזעלער קאנגרעס האט בעשטימט: מע זאל מאכען א אלגעמיינע חברה פון העברעאיש לערנען, מע זאל גרינדען יודישע שולען, דרוקען גוטע לעהר־ביכער א. ד. ג.

די רעדע איז דעם עולם שטארק געפעלען געווארען, און אז ה' ביעלקאווסקי האט פארגעלעגט, מע זאל די רעדע אבדרוקען און פערשפרייטען צווישען יודען, איז זיין פארשלאג איינשטימיג אנגענומען געווארען.

נאך איהם האט גערעדט דער ראבינער ריינעס פון לידא. ער האט עטליכע מאל געביטען די שפראך, העברעאיש און זשארגון. ער האט דערצעהלט ווי שטארק ער האט זיך דערפרעהט, אז ער איז געקומען אהער און געטראפען יודען פון אלע וועלט־טהיילען, וואס ער האט גאר קיין מאל זיך ניט פארגעשטעלט אפילו צו ארבייטען מיט זיי צוזאמען. נור דעם ציוניזם האבען מיר צו פערדאנקען דאס וואס יודען פון פערשידענע לענדער, פערשידענע קלאסען זענען זיך מקרב איינער צום אנדערן. מיר האבען גאר ניט — האט ער געזאגט — צו בילדונג, צו קולטורא, נאר וואס דען ווילען מיר, אז די אמונה זאלט איהר ניט טשעפען...

אז מע האט דעם רב ר י י נ ע ס מיט גרויסע אפלאדיסמענטען בעגלייט פון טריבונע, איז ארויף ה' נ. סאקאלאוו (רעדאקטאר פון „הצפירה"). ער רעדט אויך וועגען קולטורא. ער וואונדערט זיך פאר וואס פאלגט דער אקציאנס־קאמיטעט די באזעלער פראגראמע ניט. אין די פראגראמע שטייט בפרויש געשריבען, א ז ד ע ר צ י ו נ י ז ם ד א ר ף ז ע ה ן א ו י פ ה י י ב ע ן א ו ן ע נ ט ו ו י ק ל ע ן ד א ס ז ע ל ב ס ט ־ ב ע ו ו א ו ס ט ז י י ן, וואס האט אבער דער אק.

קאָמ. נעטהון דערצו? גאַר ניט! אמת, דער ציוניזם האָט אויפגעהויבען דעם פאָלקס־גייסט: מען לערנט מעהר העברעאיש ווי פריהער, מען לעזט מעהר יודישע צייטונגען און ספרים ווי פריהער; די יודישע ליטעראטור האָט זיך שטאַרק ענטוויקעלט די לעצטע צוויי יאהר, אָבער דאָס טהוט זיך אלס אהן דעם אַק. קאָמ. מע זאָגט: מע פערשטעהט ניט וואָס איז דאָס קולטורא? ווער עס פערשטעהט ניט זאָל געהן און לערנען וועט ער פערשטעהן. צווישען אנדערע השבונות דאַרף דער אַק. קאָמ. אלע יאָהר ווייזען אַ חשבון אויך דערפון וואָס ער האָט אויפגעטהון אין פאָלקס־ענטוויקלונג. צווישען אנדערע זאַכען וועלכע ווערען דאַ בעשפראָכען דאַרף אויך דאס פאָלקס־ערציהונג בעשפראָכען ווערען.

קיין אפּלאַדיסמענטען האט איהם אויך ניט געפעהלט, אבער ער האט זיי פערדינט.

---

נאָך די רעדען האט מען גענומען וועהלען דעם אַק. קאָמיטעט אין ווינער קאָמ. איז אויסגעקליבען געוואָרען: ד״ר הערצל, ד״ר ל. כהן, ארכ. מאַרמאָרעק, ד״ר קאָקעש, ד״ר שנירער. מיטגלידער צום נרויסען אַקציאנס־קאָמיטעט אין אנדערע לענדער: גאַליציא — ד״ר קורקס, ד״ר קורנהייזער, ד״ר רוזנהעק; בוקאווינא — ד״ר עבנער; עסטרייך — ד״ר שווייער, ד״ר ווייס; אַמעריקא — פראָפ׳ גאָטהייל, רעווערענד ד״ר ווייס; טראַנסוואַל — אינזשיניר ל. קעסלער; פראַנקרייך — ד״ר אלכסנדר מארמארעק; שווייץ — ד״ר פרידעמאַן; בולגאריע — ד״ר קארל הערבסט; איטאליע — פעליטשא ראַוועגא; ענגלאַנד — סיר פראַנסיס מונטיפיורי; בעלגיע — טאָלקאָווסקי; עניפּטען — בוגראַדי; רומיניען — ד״ר ליפּא, פּינעלעס, י. שטערן; דייטשלאַנד ד״ר באדענהיימער, ד״ר רילף; רוסלאַנד — יאַסינאָווסקי, ווארשא: טעמקין, יעליסאַוועטגראַד: ד״ר ברוק׳ האמעל: ד״ר יעקבסאָן, סימפעראָפאָל; ד״ר מאַנדעלשטאַם, קיוב: ד״ר טשלענוב, מאסקוי: אינזשיניר אוסישקין, יעקאַטערינאָסלאוו: פראָפ׳ ביעלקאָווסקי, פּעטערסבורג; דער רב ראַבינאָוויץ, אלעקסאָט: ד״ר בענדערסקי, בעסעראַביע: ד״ר יעלסקי, לאָדז; ד״ר כהן־בערנשטיין, קישינוב.

אַנשטאָט וואָס ביז איצט איז אין רוסלאַנד געווען נור צעהן אַק. קאָמ. מיטגלידער, איז איצט צוועלף.

ווידער האט מען אויסגעקליבען רעוויזאָרען אויף די ציוניסטישע קאַסע: גוסטאַוו כהן האַמבורג, י. כהן לאָנדאָן. קאַנדידאַטען: ה׳ פעלדשטיין ווארשא און ה׳ נחמיאַס.

נאָך. אַ געריכטס־אַנוואַלט צום באַנק איז אויסגעקליבען געוואָרען, ד״ר שויער פון מאַינץ.

---

איצט איז באַלעטירט געוואָרען די אַנטראַגען פון פערשידענע קאָמיסיען, וועלכע זיי האָבען אויסגעאַרבייט אין די צייט פון דעם קאָנגרעס.

דער אָרגאַניזאַציאָנס־אַנטראַג איז גלייך אָנגענומען געוואָרען, האָטש אפילו ס׳זענען געווען מענשען וועלכע האָבען געפונען דעם אָדער יענעם פעהלער.

ד״ר טשלענאָוו ברייננט דעם אַנטראַג פון דער קאָלאָניזאַציאָנס־קאָמיסיע: דער אַק. קאָמ. זאָל זעהן זיך פעראייניגען מיט אַנדערע קאָלאָניזאַציאָנס חברות וועלכע עקסיסטירען, דערווייל זאָל מען בעזעצען די יודען וועלכע וואָהנען אין ארץ־ישראל: מע זאָל גרינדען אַ ביוראָ אין פּאָלעסטינאַ, וועלכע זאָל זיך זעהן צו באַקענען גוט מיט׳ן לאַנד, מיט די עקסיסטירענדע געזעטצען דאָרטען, און זאָל קומען אין איבער־רעד מיט די טירקישע רעגירונג.

ד״ר הערצל זאָגט: אַז דעם אַנטראַג קען ער ניט לאָזען באַלעטירען, וואָרום דאַן וועט ער שוין מחויב זיין צו טהון אַלעס וואָס דאָרט איז געשריבען, און די צייט איז קורין, ס׳איז שוין ניטאָ ווען איבער דעם צו רעדען אויספיהרליך. דאריבער, זאָל מע איהם געבען דעם אַנטראַג, אַלס רעזאָלוציאָ, ער וועט זיך זעהן צו ערפולען וואָס דאָרט איז געשריבען, ווי ווייט מעגליך איז.

ד״ר טשלענאָוו וויל ניט. ער וויל דער קאָנגרעס זאָל דעם באַלעטירען. נאָך איינינע מינוטען האָט ד״ר טשלינאָוו דאָך געפאָלגט הערצלען.

ה׳ ד. טריטש וויל ריידען איבער אינזעל קיפּר, אבער ס׳איז געוואָרען אַ שרעקליכער ליאַרם און טומעל און ער האט געמוזט אראָב פון בימה.

דערנאָך האָט מען ווידער אויסגעקליבען אַ קאָמיסיע, אַ שטענדיגע וועלכע זאָל זיך אינטערעסירען מיט דער קאָלאָניזאַציע. אין די קאָמיסיע איז געוועהלט געוואָרען: ברבש — אָדעסאַ; יאַסינאָווסקי — ווארשא; היסין - בערן: אוסישקין — יעקאַטערינאָסלאַוו: מאַרמאָרעק — פּאַריז; קרעמענעצקי און ד״ר קאָקעש — עסטרייך; ד״ר גאסטער און וואָלף — ענגלאַנד: פּינעלעס — רומעניע; ד״ר באדענהיימער — דייטשלאַנד. און אַ קאָמיסיע וועלכע זאָל זיך אינטערעסירען מיט קולטורא. אין די צווייטע קאָמיסיע איז געוועהלט געוואָרען: ד״ר גאַסטער, אַשר גינזבורג (אחד העם), סאָקאָלאָוו, ש. פ. ראַבינאָוויץ, לידער רב ריינעס, שווינצאַנער רב ראַזאָווסקע, ד״ר פרידמאַן פון בערלין, ד״ר כהן פון ווין, פראָפ׳ גאָטהייל, ד״ר נעמיראָווער.

---

דער זייגער איז שוין נאָך זעקס. הערצל שטעהט ביי זיין טישעל שוין דריי שעה, קלאַפט מיט׳ן האַמער און ביינט מיט זיין אייזערנער האַנד דעם גאַנצען קאָנגרעס פאַר זיין ווילען. ער האָט שוין אלעס דורכגעפיהרט. די ארבייט וואָס דער קאָנגרעס האָט געהאַט צו טהון די פיער טעג איז שוין אבגעטהון. מיט קלאַפּענדע הערצער וואַרט מען שוין די לעצטע מינוט. הערצל דאַרף עפּיס זאָגען.

ער זאָגט: מיר וואָלטען נאָך אפשר גדאַרפט עטוואָס וועגען וואָס ס׳איז רעדען, נאָר ס׳איז שוין שפּעט, ס׳קומט שוין באַלד אָן שבת. זאָלען אונזערע פרומע יודען זעהן אַז מיר מיינען ניט די אמונה צו שטערען. היינטיגער קאָנגרעס האָט זיך ניט אויסגעצייכענט מיט ענטוזיאַזם, דערפאַר אבער צייכענט ער זיך אויס מיט פיעל וויכטיגער ארבייט. ערנסט האָבען אלע דעלעגאַטען געאַרבייט, אפילו פרויען האָבען אויך מענער־גבורה געוויזען. צו דעם קאָנגרעס האָבען זיך מיט אונז פעראייניגט אונזערע דעלעגאַטען פון אונזערע ווייטע ברידער פון זיד־אַפריקאַ ווי אויך פון די קאַווקאַזישע „בערג־יודען“. נייע מענשען ברייננען־מיט נייע קרעפטען. עטוואָס האָבען מיר שוין אויפגעטהון, אבער מיר האָבען נאָך זעהר פיעל צו טהון. מיר וועלען אַלעס קענען אויפטהון, אויב נור ס׳וועט זיין ביי אונז אחדות. איך האָף אַז אַלע וועלען ארויסגעהן פון קאָנגרעס מיט פולער שטרעבונג צו: איינהייט, פריעדען און ארבייט. דער דריטער באַזעלער קאָנגרעס איז געשלאָסען.

ש. ראָזענפעלד.

---

Verlag „Achiasaf“. Verantwortlicher Red. M. Berkowicz. — Herausgeber u. Buchdrucker Josef Fischer, Krakau.